ה. אנדערסען

# די שניי-מלכה



ה. אַנדערסען

# מעשהלעך

מיט אילוסטראַציעס

יידיש — דער נסתר

ערשטער העפט

# די שניי-מלכה

א מעשה אין זיבן מעשהלעך



פאַרלאַג

קינדער־ליטעראַטור־פאָנד שבנא קאַפּלאַן, מעקסיקע

אדמיניסטראַציע — שלמה מענדעלסאָן־פאָנד, מעקסיקע

1955

דער קינדער־ליטעראַטור־פֿאָנד ש. קאַפּלאַן

איז געגרינדעט געוואָרן דורך

דוד און יהודית מייזעל און מרדכי און בראַנדל סיגאַל

צום 85־טן געבוירנטאָג פֿון זייער זיידע שכנא קאַפּלאַן





## ערשטע מעשה

**וואו עס ווערט דערציילט וועגן שפיגל און וועגן זײַנע שטיקלעך.**

הערט! איך הויב אָן! אַז מיר וועלן דערגיין ביזן סוף, וועלן מיר וויסן מער, וויפל מיר ווייסן איצט. איז אַט, האָט אַמאָל אַ נישט־גוטער געלעבט, דער ערגסטער פון אַלע — דער שטן אַליין.

איינמאָל איז ער זייער אויפגעלייגט געווען: ס'האָט זיך אים איינגעגעבן אַ שפּיגל מאַכן, וואָס האָט געהאַט אַזאַ אייגנשאַפט, אַז אַלעס גוטס און שיינס, וואָס האָט זיך אין אים אָפּגעשפּיגלט, — איז כמעט צו נישט געוואָרן, דערפאַר אָבער אַלעס שלעכטס און מיאוס איז זייער קלאָר געוואָרן און נאָך ערגער און מיאוסער, ווי אין דער אמתן, זיך אויסגעוויזן. אויסגעצייכנטע לאַנדשאַפטן האָבן אין שפּיגל, ווי געקאָכטער שפּינאַק אויסגעזען, און די בעסטע מענטשן האָבן זיך ווי די ערגסטע מיאוסקייטן געוויזן, אָדער זענען מיט די קעפּ אַראָפּ און אָן גופים גאָר געשטאַנען. די פּנימער זייערע זענען אַזוי מיאוס נשתנה געוואָרן, אַז ס'איז זיי אוממעגלעך צו דערקענען געווען, און אויב ביי עמיצן איז אַ זומער־שפּרענקעלע געווען,

איז עס איין שפּיגל אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז ס'איז אַוש איף דער נאָז און איף די ליפּן אַרויפגעקראָכן. „אַט אַ קונצל"! — האָט געזאָגט דער נישט-גוטער. ווען אַ מענטשן איז אין קאָפּ אַ גוטער און שיינער געדאַנק אַריינגעקומען, האָט זיך אין שפּיגל באַלד אַ „צורה" באַוויזן, אַבער אַזאַ מיאוסע, אַז אַליין דער נישט-גוטער האָט אין ווילדער הנאה פון זיין קלוגער המצאה קיינן געגומען.

אַלע, וואָס האָבן זיין כשוף-שול באַזוכט, — ס'איז ביי אים אַזאַ שול געווען — האָבן אומעטום וועגן דעם נייעם וואונדער דערציילט. איצט ערשט, האָבן זיי געזאָגט, וועט מען קענען די וועלט און די מענטשן אין אמתן תוך אַריין דערקענען. און זיי זע־נען אומעטום מיט שפּיגל אַרומגעלאָפן, ביז, לסוף, איז קיין איין לאַנד און קיין איין מענטש נישט געבליבן, וואָס זיי האָבן אים אין דער פאַרקרומטער אָפּשפּיגלונג נישט אָפּגעשפּיגלט. האָט זיך זיי דאַן פאַרוואָלט צום הימל אויפהויבן. וואָס העכער זיי האָבן זיך מיטן שפּיגל אויפגעהויבן אַלץ מער „צרות" האָט ער געמאַכט, אַזוי אַז זיי האָבן אים שוין קוים אין די הענט איינגעהאַלטן. און אַט זענען זיי שוין נאָענט צו גאָט און צו די מלאכים געווען. נאָר פּלוצים האָט דער שפּיגל אַזאַ ציטער געטאָן, אַז ער איז זיי פון די הענט אַרויסגעפאַלן, אויף דער ערד אַראָפּגעפלויגן און איף מיליאָנען־מיליאַסן און נאָך מער שטיקלעך זיך צעבראָכן. דאַן אָבער האָט ער נאָך מער אומגליקן, ווי פריער, אָנגעמאַכט, וואָרעם אַ סך שטיק־לעך זענען די גרויס נישט מער, ווי זאַמדעלעך געווען און זיי זענען זיך איבער דער גאַנצער וועלט צעפלויגן. ווען אַזאַ שטיקעלע האָט עמיצן אין אַן אויג געטראָפן, איז עס שוין דאָרט פאַרבליבן, און יענער מענטש האָט שוין דאַן אַלץ אויף פאַרקערט געזען, אָדער אין יעדער זאַך נאָר דאָס שלעכטס דערפון, וואָרעם יעדעס שפּיגל־שטיקעלע האָט פאַרמאָגט די זעלבע אייגנשאַפט, וואָס ס'האָט גע־האַט דער שפּיגל דער גאַנצער. אַנדערע האָבן די שטיקעלעך אפילו אין האַרצן אַריין געטראָפן, פלעגט דאַן עפּעס שרעקלעכס פאַרקו־מען: דאָס האַרץ איז צו אַ שטיק אייז ענלעך געוואָרן. אייניקע שטיקלעך שפּיגל זענען דאָך אַזוי גרויס געבליבן, אַז מ'האָט זיי אין פענצטער־ראָמען פאַר טאַפּליעס אַריינגעשטעלט. נאָר זאָל גאָט היטן

דורך אזוינע טאפליעס אויף די אייגענע פרייטט א קוק צו טאן! אנדערע שטיקלעך זענען אויף ברילן געגאנגען, און ווען איינער פלעגט זיי אנטאן, ער זאל בעסער זען און זאל א ריכטיקן קוק ווערן עפעס באקומען, האט זיך דער רוח אויפן בויך פאר געלעכ-טער געקאטשעט — אזא הנאה האט עס אים געטאן. נאר ס'זענען נאך געבליבן א סך שטיקעלעך, וואס האבן נאך אין פליען געהאלטן. איז אט, הערט, וואס ס'האט זיך ווייטער געטראפן.

## צווייטע מעשה

### וועגן דעם קליינעם יינגעלע און וועגן דעם קליינעם מיידעלע.

אין איינער א גרויסער שטאט, דארט, וואו ס'זענען אזוי פיל מענטשן און הייזער פאראן, אז נישט פאר יעדערן בלייבט אן ארט אויף א גערטנדל זיך מאכן, און דער גרעסטער טייל איינוואוינער דערום מוזן זיך מיט בלומען־טעפעלעך באנוגענען, האבן געוואוינט צוויי ארעמע קינדערלעך, וואס האבן געהאט א גערטנדל עטוואס גרעסער פון א בלומען־טעפעלע. זיי זענען נישט קיין שוועסטער־און־ברידער געווען, נאר זיי האבן זיך אזוי ליב געהאט, גלייך ווי זיי וואלטן עס יא געווען. די עלטערן זייערע האבן געוואוינט א שטיבקענען א שטוב, אין צימערלעך, וואס אויף די בוידעמער. דער דאך פון איין מויער איז זיך צונויפגעגאן מיטן דאך פונם צווייטן, און צווישן זיי איז א מין רינווע איבערגעליגט געווען. אין יעדן צימערל איז א פענצטער געווען; מ'האט נאר באדארפט דורך דער רינווע, איבערשפאנען, כדי פון איין פענצטער צום צווייטן קומען. ביי בײדנס עלטערן זענען אויפן הויף צו הילצערנע קעסטעלעך געווען וואו ס'זענען גרינסן געוואקסן, וואס זיי האבן צום עסן באנוצט, און קליינע רויזן־קוסטעלער. אין יעדן קעסטל איז אזא רויזן־קוסט געווען, און בעוואקסן האבן זיי אויסגעצייכנט.



איז אַט, האָט זיך איינמאָל די עלטערן פאַרוואָלט די קעסטע-
לעך איבער דער ברייט פון דער רינווע אַוועקשטעלן, אַזוי אַז זיי
האָבן כמעט פון איין פענצטער ביזן צווייטן דערגרייכט און אומ-
געזוען, ווי צוויי בערגלעך מיט בלומען אָנגעזעצטע. דער זיך
פלעכטנדיקער אַרבעס האָט זיך אַראָפּ פון די קעסטלעך אַראָפּגע-
האָנגען, און די רויזן־קוסטעס האָבן לאַנגע צווייגן אַרויסגעלאָזט,
וואָס האָבן זיך אַרום די פענצטער אַרומגעדרייט און זיך איינס מיטן
אַנדערן צונויפגעפלאָכטן. ס'איז אויסגעקומען, ווי אַ טריאומף-
טויער פון בלעטער און בלומען געמאַכט. די קעסטעלעך זענען זייער
הויך געווען, און די קינדער האָבן געוואוסט, אַז זיי טאָרן אויף זיי
נישט אַרויפקריכן. דערפאַר אָבער האָט מען זיי אָפט איינס צום
צווייטן צו גאַסט גיין דערלויבט. דעמאָלט פלעגן זיי זיך אויפן
קליינעם בענקעלע, וואָס אונטער די רויזן־קוסטעס, אַוועקזעצן און
ליב שפּילן זיך איינס מיטן צווייטן.

ווינטער איז דאָס שפּילן נישט מעגלעך געווען. די פענצטער
זענען אָפט איינגאַנצן פאַרפרוירן געוואָרן. נאָר דעמאָלט פלעגן
די קינדער ביי די הרובעס קופּערנע צענערס אָנוואַרעמען, זיי צום
פאַרפרוירענעם גלאָז צוקוועטשן, און אַזויערנאָך זענען שיינע און
קיילעכדיקע לעכעלעך אַרויסגעקומען וואָס דורך יעדערן פון זיי
פלעגט אַ פריילעך אויגעלע אַרויסקוקן. די אייגעלעך האָבן צו דעם
קליינעם יינגעלע און קליינעם מיידעלע געקערט. דאָס יינגעלע האָט
מען גערופן קיי, און דאָס מיידעלע — גערדאַ. זומער האָבן זיי גע-
קענט מיט איין שפּרונג איינס צום צווייטן קומען. ווינטער האָבן זיי
מידע צוליב דעם אַ סך טרעפּ אַרויף און אַראָפּ באַדאַרפט איבער-
גיין. איינמאָל איז אין דרויסן אַ שניי געגאַנגען.

— דאָס פליען די ווייסע בינעלעך, — האָט די אַלטע באָבע
געזאָגט.

— און ביי זיי איז אויך פאַראַן אַ מלכה? — האָט געפרעגט דאָס
קליינע יינגעלע: — ער האָט געוואוסט, אַז ביי אמתע בינען איז אַ
מלכה פאַראַן.

— יאָ, ס'פאַראַן, — האָט געזאָגט די באָבע, — זי פליט אַהין,
וואו ס'קלייבן זיך וואָס מער בינעלעך צונויף. זי איז גרעסער פון זיי

אלע און זיצט קיינמאל אויף קיין ארט נישט איין: אט לאזט זי זיך אויף אונטן אראפּ, און אט הויבט זי זיך איבערנייס אויף די שוואַר־צע וואלקנס אויף. אמאל אין די ווינטער־נעכט פליט זי איבער די שטאָט־גאסן ארום און קוקט אין די פענצטער אריין, דעמאלט ווערן זיי פארפרוירן און באדעקן זיך מיט משונה מוסטערן אזוינע, וואָס זענען אויף בלומען ענלעך.

— יא, מיר האָבן עס געזען! — האָבן די קינדער געזאָגט: זיי זענען איבערצייגט געווען, אַז דאָס אַלץ איז טאַקע אמת.

— און אהער קען די שניי־מלכה קומען? — האָט געפרעגט דאָס קליינע מיידעלע.

— זאָל זי נאָר קומען! — האָט געזאָגט דאָס יינגל: — וועל איך זי אויפן וואַרעמען אויוון אַרויפזעצן, וועט זי גאָר צעגיין.

די באָבע אָבער האָט אים איבערן קעפּעלע געגלעט און מיט אַנדערע מעשיות פאַררעדט.

אויפדערנאַכט, ווען קיי איז שוין אין דערהיים און האַלב־אויסגעטאָן געווען, איז ער אויפן בענקל, וואָס נעבן פענצטער, אַרויפגעקראָכן און אין קליינעם לעכעלע קוקן גענומען. אייניקע שנייעלעך האָבן זיך אין דער לופט געדרייט און איינס פון זיי, סאמע דאָס גרעס־טע, איז אויפן בלומען־קעסטל געבליבן. דאָס שנייעלע איז אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרן, ביז ס'איז לסוף צו אַ דערוואַקסענער פרוי אויסגעוואַקסן, וועלכע איז אַנגעטאָן געווען אין אַן אײדעלן געוועב אַזאַ, וואָס איז, ווי פון מיליאָנען שנייעלעך, אויף שטערנד־לעך ענלעכע, אויסגעוועבט געווען. זי איז אומגעוויינלעך שיין און צאַרט געווען, אָבער אינגאַנצן פון אייז — פון בלענדנדיקן און בלי־שטשענדיקן אייז. און דאָך איז זי לעבעדיק געווען; אירע אויגן האָבן, ווי צוויי העלע שטערן, געבלישטשעט. נאָר אין זיי איז קיין מנוחה און קיין גוטס נישט געווען, זי האָט מיטן קאָפּ צום פענצטער צוגעשאָקלט און עפּעס מיט דער האַנט גערופן. האָט זיך דאָס קליי־נע יינגעלע דערשראָקן און פון פענצטער אראָפּגעשפרונגען. אין דער מינוט האָט אונטערן פענסטער עפּעס אַ רעש זיך דערהערט, גלייך ווי אַ גרויסער פויגל וואָלט דאָרט דורכגעפלויגן.

אויף מאָרגן איז דער דרויסן אַ לייטערער געווען, הגם אַ פראָס־טיקער. דערנאָך האָט געלאָזט, און דערנאָך איז דער פרילינג גע־

קומען. די זון האָט געשיינט, דורך דער ערד האָבן זיך גרעזעלעך דורכגעשלאָגן און די שוועלבעלעך האָבן זייערע נעסטן געמאַכט. זענען זיך ווייטער פון די הייזער די פענצטער געעפנט, און די קינדער האָבן ווי פריער אין זייער גערטנדל געזעסן, הויך און איבער אַלע הייזער העכער. דעם זומער האָבן זיך די רויזן באַזונדער־שיין צעבליט. דאָס קליינע מיידעלע האָט אויסגעלערנט אַ לידעלע, וואָס ס'האָט זיך פון רויזן גערעדט, און אַז זי פלעגט עס זינגען, פלעגט זי זיך אין אירע אייגענע רויזעלעך דערמאָנען. האָט זי עס אויך דעם יינגעלע געזונגען, און ער האָט איר אונטערהאַלטן געזונגען:

די רויזן זיי בליען און וואַקסן, ווי שיין;
ביי אתרז איז דער זומער, דער זומער אַליין...

און די קינדער האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע פאַר די הענטלעך אָנגענומען, די רויזן געקושט, אויף דער העלער זון געקוקט און גערעדט מיט איר, גלייך ווי פאַר זיי וואָלט טאַקע באמת אַליין דער זומער געשטאַנען. וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע זומערדיקע טעג דאָס זענען געווען! ווי גוט ס'איז געווען אונטער די שמעקנדיקע רויזן־קוסטעס צו זיצן, וואָס, ווי ס'האָט זיך געדאַכט, וועלן זיי גאָר קיינמאָל צו בליען נישט אויפהערן.

איינמאָל זענען קיי און גערדאַ אינאיינעם געזעסן און אין אַ ביכל מיט געמעלן אַריינגעקוקט וואו ס'זענען חיות און פויגלען אויסגעמאָלט געווען. פלוצים — דער שטאָט־זייגער האָט נאָר־וואָס געהאַט פינף אָפּגעשלאָגן — האָט קיי אַ געשריי געטאָן: „אוי, ס'האָט מיך עפּעס אין האַרצן אַ שטאָך געטאָן! און אין אויג איז מיר אויך עפּעס אַריין!" האָט איר דאָס מיידעלע אַרום האַלז אַרומגענומען; ער האָט מיטן אויג געפינטלט, נאָר אין אויג האָט מען גאָרנישט נישט געזען.

— דאַכט זיך, שוין אַרויס! — האָט ער געזאָגט, נאָר ער האָט אַ טעות געהאַט. דאָס איז אים אין אויג איינס פון די פיצעלעך־שטיקעלעך כשוף־שפּיגל אַריין, פון דעם, וואָס איר געדענקט נאָך געוויס, — פון דעם מיאוסן שפּיגל, וואָס האָט אַלעם דערהויבנס און שיינס, וואָס האָט זיך אין אים אָפּגעשפּיגלט, צו נישט און מיאוס געמאַכט, און פאַרקערט, אַלעם נישט גוטס און בייזס קלאָר אַרויס־

געשטעלט, און פון יעדער זאַך באַלד די פעלערן אויפגעדעקט. דעם אָרעמען קיי האָט אַזאַ מין שטיקעלע אין האַרצן געטראָפן, און ס'האָט באַלד באַדאַרפט אַ שטיק איין וועָרן. דער ווייטיק איז איבערגעגאַנגען, אָבער דאָס שטיקעלע איז געבליבן.

— וואָס וויינסטו? — האָט ער גערדאַן געפרעגט — דו ווערסט זייער מיאוס, אַז דו וויינסט! ס'טוט דאָך מיר שוין נישט ווי! פע!

— זאָגט ער פּלוצים אויסגעשריגן, — זע נאָר, ווי די רויז איז ווערימדיק, און אָט יענע איז דאָך אַ קרומע גאָר! בסך־הכל זענען דאָס גאָר מיאוסע רויזן. אַזוינע מיאוסע, ווי דאָס קעסטל, אין וועלכן זיי וואַקסן! — און מיט די ווערטער האָט ער מיטן פוס איינע פון די קעסטלעך אַ שטופּ געטאָן און ביידע רויזן יענע אויסגעריסן.

— קיי, וואָס טוסטו? — האָט אויסגעשריגן דאָס מיידעלע. נאָר אַז ער האָט דערזען, אַז זי האָט זיך דערשראָקן, האָט ער נאָך אַ רויז אויסגעריסן, און דורכן פענצטער פון דער קליינער ליבער גערדאַן אַוועקגעלאָפן.

אַז זי פלעגט שוין נאָכדעם צו אים מיטן ביכל מיט די בילדער קומען, פלעגט ער זאָגן, אַז דאָס ביכל טויג פאַר זויג־קינדער נאָר; און אַז די באָבע פלעגט זיי מעשׂיות דערציילן, פלעגט קיי שוין באַשטענדיק וואָס אָפּצופרעגן געפינען. דאָס איז נאָך אַ קלייניקייט; ווען נאָר ס'איז מעגלעך געווען, פלעגט ער איר אויך נאָכקרימען, דער באָבען: למשל, ער פלעגט זיך איר פון הינטן אַנידערשטעלן, ברילן אָנטאָן און אָנהייבן נאָכמאַכן אין רעדן, פונקט אַזוי ווי זי. דאָס פלעגט זיך אים זייער גוט איינגעבן, און אַלע, וואָס זענען געווען דערביי, האָבן, קוקנדיק אויף אים, שטאַרק געלאַכט. אינגיכן האָט זיך דאָס ייִנגל אויסגעלערנט נאָכקרימען אַלע, וואָס האָבן אויף זיין גאַס געוואוינט. ער האָט געקאָנט זייערע אַלע „שטיק" און נישט קיין שיינע מאַנירן באַמערקן, און דעריבער פלעגט מען וועגן אים זאָגן: „אָ, דאָס וואַקסט אַ יונג מיט ביינער!" אין דעם אַלעם אָבער זענען שולדיק געווען נאָר די שטיקלעך שפּיגל, וואָס האָבן אים אין אויג און אין האַרצן געטראָפן. אָט פאַרוואָס קיי פלעגט אַפילו די קליינע גערדאַ דעררגזענען, די, וואָס האָט אים אַזוי און מיטן גאַנצן האַרצן ליב געהאַט.

איצט זענען אויך זיינע שפּילעכלעך גאָר אַנדערע, נישט ווי די

פריערדיקע, געווען: ער איז שוין גאר א חקרן געווארן. אייגמאל אין א ווינטער־טאג, ווען דער שניי איז מיט גרויסע פליאכעס גע־פאלן, איז ער צו גערדאן מיט א גרוים פארגרעסער־גלאז געקומען, און האט די פאלע פון זיין גרין סורדוטל אויסגעשפרייט, ס'זאלן דערויף עטלעכע שנייעלעך אנפאלן.

— גיב נאר א קוק אין גלאז, גערדא, — האט ער געזאגט. — די שנייעלעך האבן זיך איצט א סך גרעסער אויסגעוויזן און זיי זענען אויף שיינע בלומען אדער אויף צען־ווינקלדיקע שטערן ענלעך געווען. ס'איז אויסגענומען־שיין געווען.

— זע, ווי קונציק דאס איז געמאכט, — האט ער געזאגט. — די זענען א סך אינטערעסאנטער, ווי די אמתע בלומען! און אין זיי איז קיין פעלער נישטא: זיי זענען אלע פולקאם־דיכטיקע. אן עבירה נאר, וואס זיי צעגייען אזוי גיך.

באלד נאך דעם איז קיי מיט גרויסע הענטשקעס און מיט א שליטעלע אויף די פלייצעס געקומען, און גערדאן אויפן אויער אייג־געשריגן: ״מ'האט מיר דערלויבט אויפן פלאץ, וווּ די יינגלעך שפּילן זיך, „זיך שליטלען״ — איז ער אוועקגעלאפן.

אויפן פלאץ פלעגן אפט די סאמע פארשייטסטע יינגלעך זייע־רע שליטעלעך צו די פויערים־שליטנס צוטשעפען, און אזויערנאך פלעגט זיך זיי אייגנעבן א גרויסע שטרעקע אפצופארן. דאס איז געווען שוין אייגמאל גוט! אויפן צווייטן טאג, ווען די שפיל איז סאמע אין מיטן ברען געווען, איז איבערן פלאץ א גרויסער שליטן דורכגעפארן. אין שליטן איז עפעס אייגער א פארשוין געזעסן, אין א ווייסן פעלץ אייגגעהילט און אין א גרוים היטל א פוטערנס. דער שליטן איז צוויי מאל דעם פלאץ ארומגעפארן; האט קיי אויף גיך צום גרויסן שליטן זיין קליין שליטעלע צוגעטשעפעט און אינאיי־נעם מיט אים אוועק. האט דער שליטן א גיכערן פאר געטאן און אין א גאנצער גאס פארקערעוועט; די, וואס איז אין שליטן געזעסן, האט זיך אומגעקוקט און צו קיי מיטן קאפ א שאקל געטאן, גלייך ווי זיי וואלטן שוין פון לאנג באקאנטע געווען. יעדעס מאל, ווען

קיי האָט געוואָלט זיין שליטעלע אָפּשטעפּען, האָט אים יענע מיטן קאָפּ געשאָקלט, און קיי איז ווייטער געפאָרן. לסוף זענען זיי פון די שטאָט־טויערן ארויסגעפאָרן. דאָרט איז אַזאַ געדיכטער שניי גע־גאַנגען, אַז דאָס ייִנגל האָט גאָרנישט נישט געזען פאַר זיך, און דאָס פאָרן איז אַלץ גיכער געוואָרן. לסוף האָט ער דאָס שטריקל אַרויס־געלאָזט, כדי זיך פון גרויסן שליטן אָפּשטעפּן, האָט עס אָבער נישט געהאָלפן: דאָס שליטעלע האָט זיך נישט אָפּגעטשעפּעט און ווייטער פייל פון בויגן געפלויגן. האָט דעמאָלט קיי הויך צו שרייען אָנגע־הויבן, האָט אים אָבער קיינער נישט געהערט; דער שניי איז, ווי פריער, אין פליאַכעס געפאַלן, און דאָס שליטעלע האָט זיך ווייטער געטראָגן, ערטער־ווייז אונטערגעשפּרונגען, גלייך ווי ס'וואָלט אי־בער גראָבנס און פּלויטן איבערגעטאַנצט. האָט זיך קיי שרעקלעך דערשראָקן. ער האָט געוואָלט זיך עפּעס אין אַ תּפילה דערמאָנען. נאָר אַנשטאָט דער תּפילה האָט ער אין איין חזרן געהאַלטן: „איין מאָל איינס — איז איינס".

די שניי־פליאַכעס זענען גרעסער און גרעסער געוואָרן; ביז לסוף זענען זיי אויף גרויסע ווייסע הינער ענלעך געוואָרן. פּלוצים האָבן זיי אין דער זייט אַ שפּרונג געטאָן, דער גרויסער שליטן האָט זיך אָפּגעשטעלט, און די, וואָס איז אין אים געזעסן, האָט זיך פון אָרט אויפגעהויבן. דער פעלץ און דאָס היטל האָבן אויסגעוויזן צו זיין פון שניי געמאַכט, און די אומבאַקאַנטע — אַ הויכע, אַ שטאָלציקע און בלענדנדיקע פרוי אַ ווייסע. דאָס איז די שניי־מלכה געווען.

— האַ, גוט זיך דורכגעשליטלט! — האָט זי געזאָגט. — נאָר נאָך־וואָס זאָלסטו פרירן? קליב זיך צו מיר אונטערן בערן־פעלץ ארונטער! — און זי האָט אים צו זיך אין שליטן אַריינגעזעצט, האָט אים מיט איר פעלץ צוגעדעקט. און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אין אַ שניי־באַרג איינגעזונקען.

— נו, וואָס? שוין נישט קאַלט? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און אין שטערן אַ קוש געטאָן. אָ, דער קוש אירער איז קעלטער

פון אייז געווען! ער האָט אים אין סאַמע האַרצן דערלאַנגט, וואָס איז שוין סיי ווי סיי אויף האַלב צו אַ שטיק אייז געוואָרן. קיי האָט זיך געדאַכט, אַז אָט באַלד שטאַרבט ער. נאָר דאָס האָט געדויערט איין מינוט נאָר; נאָכדעם איז אים גוט געוואָרן, און ער האָט מער שוין קיין קעלט ניט געפילט.

— מיין שליטעלע! פאַרגעס ניט מיין שליטעלע! — דאָס איז זיין ערשטער געדאַנק געווען. און דאָס שליטעלע איז צו איינע פון די ווייסע היגער צוגעבונדן געוואָרן, וואָס האָט נאָך זיי נאָכלויפנדיק, שוין מיט דעם אויפן רוקן זיך נאָכגעטראָגן. דאַן האָט די שניי־מלכה קיי נאָך אַמאָל אַ קוש געטאָן, און דער קוש האָט אים געמאַכט פאַר־געסן אי אַן גערדאַן אי אַן דער באַבען, אי להלוטין אַן אַלע אין דערהיים.

— מער וועל איך דיך שוין ניט קושן! — האָט געזאָגט די שניי־מלכה, — אַלאַ ניט, וועל איך דיך אויף טויט דערקושן.

קיי האָט אויף איר אַ קוק געטאָן; איז זי שיין געווען — אומ־געוויינלעך! קיין מער קלוגן און ליבן פּנים פון אירן האָט ער זיך גאָר ניט געקענט פאַרשטעלן. איצט האָט זי אים שוין ניט אויס־געוויזן פון אייז צו זיין, ווי דעמאָלט, ווען זי האָט אים דורכן פענס־טער מיטן קאָפּ געשאָקלט. אין זיינע אויגן האָט זי ווי די פולקר־מענהייט אַליין איצט אויסגעזען. ער האָט שוין מער פאַר איר קיין מורא ניט געפילט און ער האָט איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן אַלץ: ווי אַזוי ער קאָן אפילו תשבורת אויפן קאָפּ רעכענען, און ווי אַזוי ער ווייסט דעם שטח פון יעדן לאַנד און די צאָל איינוואוינער פון דעם. און די שניי־מלכה האָט אַלץ געהערט און געשמייכלט. דאַן איז אים איין זינען געקומען, אַז ער ווייסט, דאַכט זיך, גאָר זייער ווייניק, און ער האָט פאַר זיך אין דער לופט־שטרעקע אַ קוק געטאָן. אין דער מינוט האָט זיך מיט אים די שניי־מלכה הויך און אין סאַמע דער שוואַרצער כמאַרע אַריין אַויפגעהויבן; דאָרט אַרום האָט דער שניי־שטורעם געוווינט און געוואָיעט, ווי ער וואָלט אַלטע לידער אַזוינע געזונגען. און זיי זענען איבער וועלדער און אַזערעס, איבער ימים און קאָנטינענטן געפלויגן; אונטער זיי האָט אַ קאַלטער ווינט גע־

פייפט, וועלף האָבן געוואיעט, דער שניי האָט געבלישטשעט, און שוואַרצע ראָבן האָבן זיך מיט שלעכט־נביאותדיקן קראַ־קראַ געטראָגן. נאָר הויך אויפן הימל האָט אַ לבנה געלויכטן, אַ גרויסע און ליכטיקע, און אָט אויף איר האָט קיי די גאַנצע ווינטערנאַכט געקוקט. בייטאָג איז ער ביי די פיס פון דער שניי־מלכה געשלאָפן.

## דריטע מעשה

### דאָס בלומען־גערטנדל פֿון דער פֿרוי, וואָס האָט כּשוף געקענט

וואָס־זשע איז געוואָרן מיט דער קליינער גערדאַ, אַז קיי איז אַ היים נישט געקומען? וואו איז ער אַהינגעקומען? קיינער האָט נישט געוואוסט, קיינער האָט דערויף קיין ענטפֿער נישט געקענט געבן. די יינגלעך האָבן נאָר דערציילט, אַז זיי האָבן געזען, ווי ער האָט זיך שליטעלע צו איינעם אַ גרויסאַרטיקן און גרויסן שליטן צוגעבונדן, און ווי אַזוי יענער שליטן האָט אין אַ נאָענטער און שכנישער גאַס אָפּגעקערט און פֿון דאָרטן צו די שטאָט־טויערן אַוועק. אָבער קיי־נער האָט נישט געוואוסט, וואָס נאָכדעם איז מיט אים געשען.

אַ סך טרערן האָט מען פֿאַרגאָסן אויף קיי, אָבער מער פֿון אַלע און לענגער פֿון אַלע האָט גערדאַ געוויינט. נאָכדעם האָט מען אָנ־געהויבן זאָגן, אַז ער איז געשטאָרבן, מעגלעך אין טייך דערטרונקען געוואָרן, אין דעם טייך, וואָס גייט נעבן דער שטאָט דורך. אַ, וואָס פֿאַר אַ לאַנגער און טרויעריקער ווינטער דאָס איז געווען!

נאָר אָט האָט זיך דער פֿרילינג אומגעקערט, און מיט אים אויך די זון, די לויטערע און וואַרעמע.

— קיי איז געשטאָרבן! — האָט געזאָגט די קליינע גערדאַ.

— כ'גלויב נישט! — האָט געענטפֿערט די זון.

— ער איז געשטאָרבן, ער איז נישטאָ! — האָט זי צו די שוואַל־בעלעך געזאָגט.

— מיר גלויבן נישט! — האָבן יענע געענטפֿערט. ביז גערדאַ אַליין האָט לסוף שוין צו גלויבן אויפֿגעהערט.

— איך וועל אָנטאָן די נייע רויטע שיכעלעך מיינע, די, וואָס קיי האָט נאָך נישט געזען, — האָט זי געזאָגט אין אַ פֿרימאָרגן

איינמאל, — און כ'וועל צום מייך אראפגיין און בײַ אים א פרעג טאָן דאָרט.

ס'איז נאָך זעער פרי געווען, האָט זי די באָבע, וואָס איז נאָך געשלאָפן דעמאָלט, א קוש געטאָן, האָט די רויטע שיכעלעך אָנגעטאָן און איינע אליין אונטער דער שטאָט צום טייך אוועקגעגאַן.

— ס'איז אמת, אז דו האָסט צו זיך מיין קליינעם חבר צוגענומען? כ'וועל דיר שענקען מיין רויטע שיכעלעך, אויב דו וועסט מיר אים צוריק אפגעבן.

און איר האָט זיך געדאַכט, אז די כוואַליעס ווינקען צו איר גישט געוויינלעך. האָט זי דאַן פון זיך די סאַמע בעסטע זאַך אירע, די נייע רויטע שיכעלעך אראָפגענומען און אין טייך אריינגעוואָרפן. זענען אָבער די שיכעלעך נישט ווייט פון ברעג געפאַלן, האָבן זיי די כוואַליעס ווידער אויף דער ערד ארויסגעטראָגן. ס'האָט זיך געדאַכט, אז דער טייך וויל נישט איר בעסטע זאַך נעמען, דערפאַר ווייל ער קען איר צוריק קיי נישט געבן. נאָר גערדאַ האָט געמיינט, אז זי האָט די שיכעלעך נישט גענוג ווייט אריינגעוואָרפן, איז זי דעריבער אין שיפל, וואָס איז אין טשערעט געשטאַנען, אריינגעגאַנגען, זיך אויפן סאַמע עק אוועקגעשטעלט און פון דאָרטן די שיכעלעך אין וואַסער אריינגעוואָרפן. איז אָבער דאָס שיפל נישט צוגעבונדן געווען, איז עס פונם שטויס, וואָס דאָס מיידעלע האָט עס געגעבן, פונם ברעג אוועקגעגאַן. האָט דאָס גערדאַ באַמערקט און זיך ארויסגיין געאיילט, נאָר איידער זי האָט זיך גערירט צום צווייטן עק דערגיין, האָט זיך דאָס שיפל שוין אויף אַן ארשין אוודאי פונם ברעג אפגעטיילט, און דער שטראָם האָט דאָס גיך אַן אראָפ טייך אראָפגעשלעפט.

האָט זיך גערדאַ נישט אויף קיין קאַטאָוועס דערשראָקן און זיינען אַנגעהויבן. אָבער נאָר די שפערלען האָבן זי דערהערן געקענט, זענען זיי אָבער נישט בכוח געווען אויף דער ערד זי צו ברענגען; זיי זענען נאָר פאַזע ברעג געפלויגן און געטשיריקעט: „אָט אויך מיר! אָט אויך מיר!“ ווי זיי וואָלטן זי דערמיט טרייסטן געוואָלט. און דאָס שיפל דערוויל האָט זיך אַלץ מיטן שטראָם געטראָ־



די אַלטע איז אין וואַסער אַרײַנגעגאַן, מיט דער קוליע דאָס שיפל פאַרטשע־
פּעט, עס צום ברעג צוגעצויגן און גערדאן אויפן ברעג אַרויסגעטראָגן.

גן. און די קליינע גערדאַ איז דערין שפּיל און ווי אַ פייבעלע געזעסן און אין די הוילע זעקעלעך נאָר: אירע שיכעלעך זענען דעם שיפּל נאָכגעשוואומען, אָבער דעריאָגן עס האָבן זיי נישט געקענט, ווייל דאָס שיפעלע איז גיכער געשוואומען. און אויף ביידע ברעגעס איז געווען פון וואָס הנאה צו האָבן: אומעטום האָבן זיך שיינע בלומען געוויזן,ביימער און בערגלעך, אויף וועלכע ס'האָבן זיך קי און שאָף געפּאַ־שעט; נאָר קיין מענטשן האָט מען אין ערגעץ נישט געזען.

— מעגלעך, אַז דער טייך טראָגט מיך גאָר צו קיי! — האָט גערדאַ אַ טראַכט געטאָן און פון דעם געדאַנק פריילעכער געוואָרן. האָט זי זיך אויפגעשטעלט און אין אַ משך פון שעהן אַלץ אויף די שיינע און גרינע ברעגעס געקוקט. לסוף איז זי צו אַ גרויסן ווײַנשל־סאַד צוגעשוואומען, וואו ס'איז אַ קליין שטיבעלע געשטאַנען מיט עפּעס משונה רויטע און גרינע פענצטער אַזוינע; דער דאַך פון שטי־בעלע איז אַ שטרויענער געווען, און האַרט פאַר דער שטוב זענען צוויי הילצערנע סאָלדאַטן געשטאַנען, וואָס האָבן די דורכפאָרער מיט די ביקסן „כבוד" אָפּגעגעבן. האָט גערדאַ צו די סאָלדאַטן אַ געשריי געטאָן, ווייל זי האָט זיי פאַר לעבעדיקע גערעכנט, נאָר קיין ענטפער האָט זי, פאַרשטייט זיך, נישט באַקומען. איז זי צו זיי שוין גאָר נאָענט צוגעשוואומען, און נאָך העכער אַ געשריי געטאָן. דאַן איז פון שטיבעלע אַן אַלטע פרוי, אויף אַ קוליע אָנגעשפּאַרט, אַרויס־געגאַנגען. אויפן קאָפּ בײַ איר איז אַ גרויסער הוט געווען מיט די וואונ־דערלעכסטע בלומען באַצירט.

— אָרעם מיידעלע! — האָט די אַלטע פרוי געזאָגט: — ווי אַזוי ביסטו אויף אַזאַ מין שטראָמיקן טייך געקומען און אַזוי ווייט אוועק־געשוואומען?

און די אַלטע איז אין וואַסער אַרײַנגעגאַנגען מיט דער קוליע דאָס שיפל פאַרטשעפּעט, עס צום ברעג צוגעצויגן און גערדאַן אויפן ברעג אַרויסגעטראָגן.

האָט זיך גערדאַ שטאַרק דערפרייט, ווייטער אויף דער ערד קומענדיק, הגם זי האָט פאַר דער אומבאַקאַנטער אַלטער אַ ביסל מורא געהאַט.

— קום אהער, דערצייל מיר, ווער דו ביסט און ווי קומסטו אהער, — האט געזאגט די אלטע.

און גערדא האט איר אלץ דערציילט. די אלטע, פון איר זייט, האט, זי אויסהערנדיק, נאר מיטן קאפ געשאקלט און עפעס גע־בורטשעט: „הם! הם!" נאר אז גערדא האט איר דערציילן געענ־דיקט, אויך צו איר זיך מיט דער פראגע געווענדעט, צי האט זי נישט געזען דעם קליינעם קיי, האט איר די אלטע פרזי געענטפערט, אז ער איז נאך דא נישט דורכגעפארן, נאר ער וועט געווים דורכפארן, און דערווייל זאל זי זיך נישט זארגן: — אט עס וויינשל, קוק אויף די בלומען, זיי זענען א סך שענער פון די וואס זענען אין די ביכלעך אויסגעמאלט; יעדער בלימל קען א מעשה דערציילן. — און דא האט זי גערדא פאר דער האנט אנגענומען, זי אין שטוב אריינגע־פירט און די טיר פארמאכט.

די פענצטער אין שטיבעלע זענען שטארק הויך פון דר׳ערד געווען, און די טאפליעס אין זיי זענען רויטע, בלויע און געלע גע־שטאנען, אזוי אז די טאג־שיין, דורך זיי דורכגייענדיק, האט פאר־שידענע פארבן אנגענומען. אויפן טיש זענען טייערע וויינשל געלעגן, און גערדא האט דערלויבעניש באקומען עסן וויפיל זי וויל. און בשעת זי האט דא געגעסן, האט איר דערווייל די אלטע מיט א גאלדן קעמל אירע ליכטיקע האר צעקעמט. און די האר האבן זיך געקרייזלט און ווי גאלד געבלישטשעט, און איר ליב פנימל, דאס קיילעכיקע און ווי א רויז, דאס פרישע, ארומגעברוימט.

— ס׳האט זיך מיר שוין לאנג געוואלט אזא קליין מיידעלע האבן, — האט געזאגט די אלטע. — אט וועסטו זען, ווי גוט מיר וועלן דא לעבן!

און וואס מער זי האט איר די האר געקעמט, אלץ מער האט יענע אן איר קליינעם חבר קיי פארגעסן. ווארים די אלטע איז א מכשפה געווען. הגם אפילו נישט קיין שלעכטע. זי האט נאר א ביסעלע געכישופט, אי דאס נאר צוליב איר הנאה וועגן, און דערצו נאך האט זיך איר זייער געוואלט גערדאן ביי זיך פארהאלטן. און דעריבער איז זי אין סאד אריסגעגאן און האט מיט איר קוליע איבער אלע רויזן־קוסטעס א מאך געטאן; און הגם די בלומען זענען דעמאלט

פּתקט אין פולער בליעכץ זייערער אַנגעטאָן געווען, נאָר פאַר דער אַלטערס מאָך זענען זיי אין איך כּהרף־עין אין דער נאַסער ערד אַריין, אַזוי אַז פון זיי איז קיין סימן אפילו נישט געבליבן. די אַלטע האָט מורא געהאַט, אַז אויב זי וועט די רויזן זען, וועט זי זיך אָן איריקע דערמאָנען און צוגלייך אויך אָן קיי — און וועט אַנטלויפן פון איר.

דערנאָך האָט זי גערדאָן צו זיך אין בלומען־גערטנדל אַריינגעפירט. אָך, ווי גוט ס'איז דאָרטן געווען, ווי וואונדערלעך ס'האָט געשמעקט דאָרטן! אַלערליי בלומען פון אַלע צייטן יאָר האָבן זיך דאָרט מיט זייער גאַנצער פּראַכט אַרויסגעוויזן, קיין ביכל מיט קיינע געמעלן האָט נישט געקענט זיין שענער און פילפאַרביקער. גערדאַ האָט פון פרייד אַזש שפּרינגען אָנגעהויבן, און געשפּילט זיך אַזוי לאַנג, ביז די זון איז אונטער די הויכע ווײנשל־ביימער פאַרגאַן. דערנאָך האָט זי די אַלטע אין אַ גוט בעטעלע מיט רויטע קישעלעך אַריינגעלייגט, און זי איז זיס אַנטשלאָפן געוואָרן און אַזוינע וואונדערלעכע חלומות געזען, וואָס ס'זעט נאָר אַ בת־מלכה ערב דער חתונה אירער.

אויפן צווייטן טאָג האָט זי זיך ווייטער אויף דער זון מיט די בלומען געשפּילט. אַזוי זענען אַ סך טעג אַוועקגעגאַן, גערדאַ האָט געקענט יעדעס בלימל פון סאָד; און הגם ס'זענען דאָרט אַ פולע געווען, דאָך האָט זיך איר אַלץ געדאַכט, אַז עפּעס איינע אַ בלום פעלט דאָרט; נאָר וואָסערע אַזוינע — דאָס האָט זי נישט געוווּסט.

נאָר אַט איז זי איינמאָל געזעסן און אויף דער אַלטערס הוט מיט די אויסגעמאָלטע בלומען זיך פאַרקוקט — און די שענסטע פון די הוט־בלומען זענען די רויזן געווען. די אַלטע, אַז זי האָט די רויזן פון סאָד און דער ערד פאַרטריבן, האָט גאָר פאַרגעסן זיי אויך פון איר הוט אַפּרייסן. אַזוי טרעפט כּסדר מיט דעם, וואָס איז פאַרדולט און איילט זיך.

— „וואָס הייסט?״ — האָט אויסגעשריגן גערדאַ. — „זאָל זיין, אַז דאָ זענען גאָר קיין רויזן נישטאָ?״

און זי איז צו די קלומבעס אַוועקגעלאָפן, געזוכט און געזוכט, און קיין רויזן דאָרט טאַקע נישט געפונען. האָט זי זיך דאַן אויף

דער ערד אנידערגעזעצט און זיך צעוויינט, דערביי זענען אירע טרערן פונקט אויף דעם ארט געפאלן. ווו איינער א רויזן־קוסט איז אין דער ערד אריין. ווי גאר די הייסע טרערן דעם מיידעלעס האבן די ערד באנעצט, אזוי איז דער קוסט באלד אויף אויסן ארויס, און אזוי בליענדיק, פונקט ווי ער איז בשעת זיין פארשוואונדן ווערן געווען. האט גערדא אים ארומגענומען, אלע זיינע רויזן אויסגעקושט און דערביי זיך אן אירע אייגענע, וואס זי האט אינדערהיים געלאזט, דערמאנט, און צוגלייך אויך אן קיי, אן קליינעם.

— אך, ווי איך האב זיך עס דא פארזאמט! — האט געזאגט דאס מיידעלע. — איך דארף דאך קיי אפזוכן! ווייסט איר נישט, ווו ער איז? — האט זי ביי די רויזן א פרעג געטאן — ווי מיינט איר, ער לעבט נאך?

— יא, ער לעבט! — האבן געענטפערט די רויזן: — מיר זיינען דאך אין דער ערד געווען, דארט, ווו די טויטע געפינען זיך, און קיי איז דארט נישטא.

— א דאנק! — האט געזאגט גערדא און צו די אנדערע בלומען צולויפנדיק, האט זי אין זייערע בעכערלעך אריינגעקוקט און נעפרעגט: — ווייסט איר נישט, וואו געפינט זיך קיי דער קליינער?

נאר יעדעס בלימעלע, אויף דער זון זיך וואַרעמענדיק, האט נאר וועגן זיין אייגענער געשיכטע געטראכט.' גערדא האט נישט איינע אזא געשיכטע אויסגעהערט, אבער אין קיינער האט זיך וועגן קיי נישט גערעדט.

אט־וואס ס'האט איר די פייערדיקע ליליע דערציילט:

— דו הערסט דעם פויק? בום! בום! ער פארמאגט נישט מער, ווי אט די צוויי קלאנגען נאר: בום! בום! הער די קבורה־געוויינען פון די פרויען, הער די הויכע אויסגעשרייען פון די גלחים! איינגעהילט אין איר לאנגן, רויטן מאנטל שטייט אויפן שייטערהויפן אן אינדיאנישע פרוי; דער פלאם האט פייערדיק זי מיט איר טויטן מאן ארומגעכאפט. די אינדיאנערין אבער טראכט איצט גאר וועגן דעם, וואס וועט נאך אויף דער ערד דא בלייבן, וועגן דעם, וועמענס פייערדיקע בליקן האבן געברענט איר הארץ שטארקער, ווי דער פלאם, וואס וועט באלד פון איר קערפער אש מאכן. קען דער פלאם

פון הארצן אין פלאם פון שיימערהאַפן פארלאשן ווערן?

— דאָס פארשטיי איך נאָר נישט, — האָט געזאָגט גערדאַ.

— דאָס איז מיין געשיכטע, — האָט געזאָגט די פייערדיקע ליליע.

וואָס־זשע האָט דער האָפן דערציילט?

— אויף אַ שמאָל באַרג־סטעשקעלע פון אויבן שטייט אַן אַלטער ריטער־שלאָס. געדיכט גרינס פלעכט זיך אַרום זיינע אַלטע ווענט, די רויטע, און אַרום דעם באַלקאָן, אויף וועלכן אַ שיינהייט אַ מיידל שטייט; זי האָט זיך איבער דער פאַרענטשע אַריבערגעבויגן און אויפן וועג אַראָפּגעקוקט. קיין רויז קען זיך צו איר מיט איר פרישקייט נישט גלייכן. קיין בלעטעלע פון עפּל־בלים, וואָס דער ווינט פאַרטראָגט, קען זי אין גרינגקייט נישט איבערשטייגן. ווי ס'רוישט איר זיידן קלייד דאָס פרעכטיקע! — וואָס־זשע קומט ער נישט?

— דו רעדסט פון קיי? — האָט געפרעגט גערדאַ.

— ניין, דאָס דערצייל איך נאָר מיין געשיכטע, מיינע טרוימען, — האָט געענטפערט דער האָפן.

וואָס־זשע האָט דאָס קליינע שניי־גלעקל דערציילט?

— צווישן די ביימער אויף אַ שטריק הענגט אַ ברעט אַ לאַנגע: דאָס איז אַ הוידלקע. צוויי אויסגעצייכנט־שיינע מיידעלעך — די קליידעלעך אויף זיי זענען ווייס, ווי שניי, און לאַנגע, גרינע סטענגעס פליען זיי ביי די היטעלעך אַרום — זיצן אויף איר און הוידען זיך; דאָס עלטערע ברודערל שטייט אין מיטן דער ברעט, די שטריק מיט די איינגעבויגענע הענט אַרומגענומען, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן. אין איין האַנט האַלט ער אַ שאָלעכל. און אין דער צווייטער אַ ליימען רערעלע: ער לאָזט זייפן־בלאָזן. די הוידלקע הויבט זיך אויף, און די זייפן־בלאָזן פליען אין דער הויך אַרויף, אין אַלע פאַרבן פון דעם רעגנבויגן שפּילנדיק; דאָס לעצטע בלעזעלע הענגט נאָך אויפן שפּיץ פון רערעלע, און דער ווינט שאָקלט עס אין פאַרשידענע זייטן. די הודלקע הוידעט זיך אַהין און צוריק; דאָס קליינע שוואַרצע הינטל, דאָס איז ווי אַ בלעטל גרינג, הויבט זיך אויף די הינטערשטע פיסלעך אויף און וויל אויף דער ברעט אַרויפשפּרינגען; די ברעט פליט, דאָס הינטל קערט זיך איבער, האַוקעט און כעסט זיך, די קינדער

רייצן זיך דערמיט, און די זייפן־בלאָזן צו־נישט ווערן... די הויך־דיקע ברעט, די צונישטווערנדיקע זייפן־בלאָזן, אָט דאָס איז מיין לידעלע.

— מעגלעך, אַז זי איז שיין, די געשיכטע דיינע, — האָט גע־זאָגט גערדאַ: אָבער דו דערציילסט אַזוי טרויעריק און דו דערמאָנסט גאָר נישט וועגן קליינעם קיי.

און זי איז צו די היאַצינטן אַוועקגעגאַנגען.

— אַמאָל זענען געווען דריי שוועסטער־שיינהייטן, אַזוינע לופט־טיקע און צאַרטע, — האָבן דערציילט די היאַצינטן: — ביי איינער איז דאָס קלייד רויט געווען, ביי דער צווייטער בלוי, און ביי דער דריטער אינגאַנצן ווייס. אַנגענומען פאַר די הענט פלעגן זיי ביי דער לבנה־שיין אויפן ברעג פון אַ שטילער אָזערע טאַנצן. דאָס זענען נישט קיין עלפן געווען, נאָר מענטשלעכע באַשעפענישן. פונם וואַלד האָט זיך אַ טייערער ריח געטראָגן, און די מיידעלעך זענען אַהין פאַרשוואונדן געוואָרן. דער ריח איז נאָך שטאַרקער געוואָרן; האָבן זיך דריי טרומנעס — אין זיי זענען די שיינהייטן די שוועסטער גע־לעגן — פון וואַלד אַרויסבאַוויזן און אויף דער אָזערע געשווומען. די גלי־ווערעמלעך האָבן זיך אַרום זיי געטראָגן, ווי פייערלעך בלאַנ־דזשענדיקע. וואָס איז דאָס? שלאָפן זיי, צי זענען זיי געשטאָרבן די שוועסטער־טענצערינס? דער בלומען־ריח זאָגט, אַז זיי זענען גע־שטאָרבן; די נאַכט־גלעקער צו קבורה קלינגען.

— איר וואַרפט אויף מיר אַן אַ מרה־שחורה! — האָט געזאָגט די קליינע גערדאַ. — איר שמעקט אַזוי שטאַרק, — און איך מוז נישט ווילנדיק פון געשטאָרבענע מיידלעך טראַכטן. זאָל זיין, אַז דער קליינער קיי איז געשטאָרבן? די רויזן זענען דאָך אונטער דער ערד געווען און זיי זאָגן, אַז ער איז דאָרט נישטאָ.

— דין־דין־דין! — האָבן זיך די היאַצינטן־גלעקעלעך צעקלונ־גען. — מיר קלינגען נישט נאָכן קליינעם קיי, מיר קענען אים גאָרנ־ישט! דאָס זינגען מיר דאָס לידעלע אונדזערס — דאָס איינציקע, וואָס מיר פאַרמאָגן.

און גערדאַ האָט זיך צו דער מאַרגאַריטקע געקערט, וואָס האָט פון צווישן בלישטשענדיקע גרינע בלעטלעך אַרויסגעקוקט.

— דו ביסט געראָטן אין אַ קליין זונעלע! — האָט איר געזאָגט גערדאַ.—זאָג מיר, אויב דו ווייסט, וואו זאָל איך מיין שפּיל-חבר זוכן?

און די מאַרגאַריטקע האָט זיך נאָך מער צעשיינט און אויף גערדאַן אַ קוק געטאָן. וואָס פאַר אַ לידעלע קען זי איר זינגען? אָך, אַז אויך דערין רעדט זיך נישט פון קיי.

אויף איינעם אַ הויף האָט די זון אַזוי געוואָרעמט אינם ערשטן פרילינגס-טאָג; אירע שטראַלן האָבן זיך געגליטשט איבער די ווייסע ווענט פון דער שכן־שטוב, וואָס נעבן איר איז דאָס ערשטע געלע בלימעלע אויסגעוואַקסן און, ווי אַ גאָלדענע, אונטער די וואַרעמע זון־שטראַלן געבלישטשעט. אויפן הויף איז אין איר שטול די אַלטע באָבע געזעסן; איר איניקל, אַ שיין אָרעם דינסט-מיידעלע, איז צו איר געוואָר־זוערן געקומען און זי געקושט, די אַלטע. איר קוש איז, ווי אמת גאָלד, ריין געווען; גאָלד אויף די ליפּן, גאָלד אין האַרצן, און גאָלד אין דער שעה, דער פרימאָרגנדיקער!... אָט איז דאָס לידעלע מיינס אינגאַנצן! — האָט געענדיקט די מאַרגאַריטקע.

— אָרעמע באָבע מיינע! — האָט גערדאַ מיט אַ זיפץ געזאָגט. — געוויס בענקט זי נאָך מיר און זאָרגט זיך פאַר מיר, ווי פאַרן קליינעם קיי. נאָר אינגיכן וועל איך זיך אומקערן און אויך אים מיט זיך מיטברענגען. ס'איז נאָר אומזיסט צו די בלומען זיך צו ווענדן. זיי ווייסן נאָר די איינע לידלעך זייערע, און וואָס איך דאַרף, העלפן זיי מיר נישט זאָגן.

און זי האָט איר קליידעלע פאַרנומען, ס'זאָל איר גרינגער זיין צו לויפן. נאָר די געלע ליליע האָט איר איבער די פיסלעך אַ שמייס געטאָן, אַז זי האָט איבער איר איבערשפּרינגען געוואָלט. האָט זיך גערדאַ דאָן אָפּגעשטעלט, אויפן בלימל מיטן לאַנגן שטעקעלע אַ קוק געטאָן און געפרעגט: „אפשר ווייסטו מיר עפּעס צו דערציילן?"
— און זי האָט זיך נאָענט צו דער געלער ליליע אָנגעבויגן. וואָס-זשע האָט יענע איר דערציילט?

— איך קען זיך אליין זען און זיך שפּיגלען אין זיך! — האָט געזאָגט דאָס בלימל. — אַ, וואָס פאַר אַ טייערער ריח ס'איז ביי מיר! דאָרט פון אויבן אין צימערל, וואָס אונטערן דאַך, שטייט אַ האַלב-אָנגעטאָנענע קליינע טענצערין: זי שטייט אַמאָל אויף איין

פוס, און אמאל אויפן צווייטן: די גאנצע וועלט איז ביי איר אונ־
טער די פיס; זי איז נישט מער, ווי אן אויגן־פארבלענדעניש. זי
גיסט וואסער פון טיי־קענדל אויף א שטיקל מאטעריע, וואס זי האלט
אין די הענט — דאס איז איר גארטעלע: — ריינקייט — איז א גו־
טע זאך! דאס ווייסע קלייד הענגט אויפן הענגער, ס׳איז אויך מיט
וואסער פון טיי־קענדל אויסגעוואשן און אויפן דאך אויסגעטריקנט;
זי טוט־עס אן, ווארפט אויף די אקסלען א העל, געל טיכל ארויף,
פון וואס דאס קלייד זעט נאך ווייסער אויס. אט האט זי ווידער א
פוס אויסגעצויגן. — זע נאר, ווי זי שטייט אויף א שפיץ־שיכל
דארט! ווי אויף א בלומען־שטענגעלע!... איך קען אליין זיך זען,
און זיך שפיגלען אין זיך!

— דאס אינטערעסירט מיך ווייניק! — האט געזאגט גערדא.
איבעריק געווען צו דערציילן! און זי איז צום ארויסגאנג פון גער־
טנדל אוועקגעלאפן.

דאס טירל איז פארשלאסן געווען. האט זי אבער אזא שטארקן
נעם געטאן ביים פארזשאווערטן פאררוקער, אז ער האט זיך באלד
אויפגערוקט. דאס טירל האט זיך אויפגעעפנט, און גערדא האט זיך
בארוויס לויפן געלאזט. דריי מאל האט זי זיך אויף צוריק אומגע־
קוקט, נאר קיינער איז איר נישט נאכגעלאפן. לסוף האט זי זיך
זייער איינגעמידט און האט זיך אויף א גרויסן שטיין אפרוען אני־
דערגעזעצט. ערשט דאן האט זי זיך ארומגעקוקט און באמערקט,
אז דער זומער איז שוין אוועקגעגאן און אין דרויסן איז שוין
שפעטער הארבסט. אין טייערן סאד פון דער אלטער פרוי, וואו די
זון האט א קיילעכיק יאר געשיינט און וואו ס׳האבן בלומען פון אלע
צייטן יאר געבליט, האט מען דאס, פארשטייט זיך, באמערקן נישט
געקענט.

— מיין גאט, ווי איך האב זיך עס פארזאמט! — האט אויס־
געשריען די קליינע גערדא. — אט איז שוין דער הארבסט אנגע־
קומען; ס׳איז נישט קיין צייט אויף רוען אצינד! — און זי האט
זיך פון ארט אויפגעהויבן, אויף ווייטער אין וועג זיך לאזן.

א, ווי ס׳האבן איר די פארוואונדעטע פיסלעך וויי געטאן און
געבראכן! און ארום איז אזוי קאלט און ברוגז אלץ געווען. די

לאַנגע ווערבע־בלעטלעך זענען שוין איינגאַנצן געל געוואָרן, און מיט גרויסע טראָפּנס האָט פון זיי דער טוי געקאַפּעט; איינס נאָכן אַנדערן זענען די בלעטלעך פון די ביימער אַראָפּגעפאַלן. אַליין נאָר דער דאָרן האָט נאָך זיינע פרוכט געהאַט, אָבער זיי זענען האַרט און אייליק געווען. די גאַנצע וועלט האָט זיך אויסגעוויזן גרוי און ברוגז.

## פערטע מעשה

### דער פּרינץ מיט דער פּרינצעסין

נערדאַ האָט וויטער באַדאַרפט אָפּרוען. אַנטקעגן דעם אָרט, וואו זי איז געזעסן, איז אַ גרויסער ראָב אַרומגעשפּרונגען. ער האָט לאַנג אויפן מיידעלע געקוקט, מיטן קאָפּ געשאָקלט און לסוף אַרויסגעזאָגט: „קראַ! קראַ! גאָט העלף! גאָט העלף!" בעסער זיינע געפילן אויסדריקן האָט ער נישט געקענט. נאָר ער האָט דעם מיידלס גוטס באַגערט און האָט ביי איר געפרעגט, וווהין זי האָט זיך עס אַליין געלאָזט. דאָס וואָרט „אַליין" האָט נערדאַ אויסגעצייכנט גוט פאַרשטאַנען; זי האָט טיף דורכגעפילט, וואָס דאָס באַטייט. און זי האָט דעם ראָב איר געשיכטע דערציילט און ביי אים געפרעגט, צי האָט ער נישט געזען איר קיי.



האָט דער ראָב מיט אַן ערנסטן אויסזען מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטאָן און געזאָגט: ס'קען זיין! ס'קען זיין!

— ווי, דו רעכנסט? — האָט אויסגעשריגן דאָס מיידעלע, און פון פריידן שיער דעם ראָב מיט אירע קושן נישט דערשטיקט.

— שטילער! — האָט געזאָגט דער ראָב. — איך רעכן, אַז דאָס דאַרף זיין דער קליינער קיי, נאָר איצט האָט ער דיך שוין געקערט צוליב דער פּרינצעסין פאַרגעסן.

— ער וווינט דען ביי א פרינצעסין? — האט נעפרעגט נערדא.

— יא, און דו הער נאר אוים! — האט געזאגט דער ראב. — נאר מיר איז שווער אויף דיין לשון צו רעדן, אפשר פארשטייסטו די ראבן־שפראך, וואלט איך דיר דאן אלץ א סך בעסער דערציילט.

— ניין! — האט געזאגט נערדא. — מ׳האט מיך עס נישט געלערנט. די באבע קען דאס יא. טוט מיר טאקע באנג, וואס איך האב זיך עס נישט אויסגעלערנט.

— קיין אומגליק נישט! — האט געזאגט דער ראב, — כ׳וועל דערציילן, ווי איך קען — און דו האב קיין פאריבל נישט! — און ער האט איר אלץ, וואס ער האט געוואוסט, דערציילט:

אין דער מדינה, אין וועלכער מיר געפונען זיך אצינד, וווינט א פרינצעסין. זי איז אומגעוויינלעך קלוג, ווייל זי האט אלע צייטונגען, וואס גייען אויף דער וועלט ארוים, איבערגעלייענט, איבערגעלייענט און אלץ פארגעסן, — אט וואס קלוג הייסט! איז זי אט דא נישט לאנג אויפן טראן געזעסן — און דאס, זאגט מען, איז גאר נישט אזוי איינגענעמען. און פלוצים הויבט זי אן זינגען א לידעלע פאר זיך. און אין יענעם לידעלע זינגט זיך: „פארוואס זאל איך נישט חתונה האבן?" — און באמת טאקע פארוואס נישט? — האט זי זיך געזאגט, און דא טאקע באלד חתונה האבן באשלאסן, נאר פאר אזא מענטשן, וואס זאל קענען קלוגע געשפרעכן פירן, און נישט לייטיש שוויינן, ווייל דאס איז זייער אומעטיק. האט זי דעמאלט אלע אירע הויף־דאמען צונויפגערופן, און ווען יענע זענען געוואר געווארן, וועגן וואס דא האנדלט זיך, האבן זיי זיך זייער דערפרייט.

—„אט א וואוילער איינפאל!" — האט יעדע איינציקע געזאגט. — „די טעג האב איך וועגן דעם אויך טאקע געטראכט! מעגסט מיר גלויבן, איך זאג דיר דעם ריינעם אמת, — האט פארזיסגעזעצט דער ראב. — ביי מיר איז אין פאלאץ א כלה פאראן, זי איז צו דער שטוב א צוגעוואוינטע, שפאצירט זי פראנק־און־פריי איבער אלע צימערן ארום, און אט פון איר ווייס איך אלעס, וואס דארטן טוט זיך.

אויפן צווייטן טאָג זענען אַלע צייטונגען מיט אַ רעטל פון גאַלע הערצער און מיט דער פּרינצעסינס וועגזל אַרויסגעגאַן. און אין זיי האָט זיך געזאָגט, — אַז יעדער יונגערמאַן פון פיינעם אויסזען קען אין פּאַלאַץ צו דער פּרינצעסין קומען, און אויב אין געשפּרעך וועט ער שכל און קלוגשאַפט אַרויסווייזן, וועט זי אים פאַר אַ מאַן אויסקלייבן.

— יאָ, יאָ, גלויב-זשע מיר! — האָט געזאָגט דער ראָב, — דאָס איז אַזוי אמת, ווי דו זעסט מיך דאָ אַ זיצנדיקן. — האָבן זיך פון אַלע זייטן יונגעלייט אַ לאָז געטאָן; איז געוואָרן אַ הרהאָ און אַ ליפּעניש אין לשער, נאָר נישט אין ערשטן טאָג, נישט אין צווייטן האָט קיינער פון זיי קיין דערפאָלג נישט געהאַט. אַלע האָבן זיי געקענט רעדן, כל זמן זיי זענען נאָך אויף דער גאַס געווען; אָבער ווי נאָר זיי האָבן די שוועל פון פּאַלאַץ אַריבערגעטראָטן און די גוואַרדיע אין זילבער אָנגעטאָן דערזען, און אויף די טרעפּ די לאַקייען אין גאָלד-געניייטע ליווריעס, און די הויכע העל-באַלויכטענע זאַלן, אַזוי האָבן זיי זיך אינגאַנצן פאַרלוירן און נאָר דאָס לעצטע וואָרט פון דער פּרינצעסין איבערחזרן געקענט, און דער פּרינצעסין איז דאָך גאָר נישט אינטערעסאַנט געווען אירע אייגענע ווערטער איבער-געחזרטע צו הערן. מ'האָט געקענט מיינען, אַז עפּעס אַ מין שלאָף-קיים — אַ שלאַק איז אויף זיי געקומען, וואָס איז זיי איבערגעגאַן נאָר דאַן, ווען זיי האָבן זיך ווידער אויף דער גאַס אַרויסגעכאַפּט. יאָ, אויף דער גאַס האָבן זיי געוואוסט וואָס צו רעדן. אין אַ גאַנצער שערענגע זענען זיי דאָרט געשטאַנען, פון די שטאָט-טויערן ביז צו דעם פּאַלאַץ צו. איך בין דאָרט אַליין געווען, כדי דאָס אַלץ צוקוקן. די אָרעמע זענען הונגעריק געווען און דאָרשט געליטן, נאָר אין פּאַלאַץ האָט מען זיי אַפילו קיין גלאָז וואַסער נישט פאָרגע-לייגט. אמת, אייניקע פון זיי, די מער פאַרשטאַנדיקע, האָבן מיט זיך בוטערבראָדן מיטגענומען, נאָר קיינער פון זיי האָט זיך דערמיט מיטן שכן נישט געוואָלט טיילן. יעדער האָט געטראַכט: „זאָל ער הונגעריק אויסזען, וועט אים די פּרינצעסין פאַר קיין מאַן נישט נעמען".

— וואָס-זשע איז מיט קיי, מיטן קליינינקן קיי? — האָט גע-

פרענט גערדא. — ווען־זשע איז ער געקומען? ער איז אויך אינ־איינעם מיט די איבעריקע געשטאַנען?
— געדולד, זאָג איך דיר, געדולד! באַלד וועלן מיר אויך צו אים צוקומען. אויפֿן דריטן טאָג איז אין פּאַלאַץ אַן אומבאַוואוסטער יונגלינג געקומען; ער האָט נישט געהאַט נישט קיין עקיפּאַזש, נישט קיין פערד, נאָר ער איז זיך אַזוי פֿריילעך צופֿוס געגאַנגען; זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט, אַזוי ווי דיינע, און ער האָט לאַנגע שיינע האָר געהאַט, נאָר אָנגעטאָן איז ער געווען זייער אָרעם.
— ס׳איז קיי! — האָט אויסגעשריגן גערדא מיט פֿרייד. — אַ, איצט לסוף האָב איך אים שוין געפֿונען! — און זי האָט פֿון פֿרייד אין די הענט געפּאַטשט.
— אויפֿן רוקן איז ביי אים אַ קליין רענצעלע געווען, — האָט מוסיף געווען דער ראָב.
— אַך, דאָס איז געוויס זיין שליטעלע געווען, — האָט גערדא איר מיין אַרויסגעזאָגט, — ער איז דערמיט פֿון דער היים אַוועק־געגאַן
— זייער מעגלעך!! — האָט געזאָגט דער ראָב. — איך האָב דערויף קיין אַכט נישט געגעבן. נאָר וואָס איך ווייס פֿון מיין צום־שטוב־צוגעוואוינטער כלה אויף געוויס איז דאָס, אַז בשעת ער האָט ביים אַריינגאַנג די אָנגעטאָנענע גוואַרדיאַנער דערזען און די אָפּ־געגילטע לאַקייען אויף די טרעפּ, איז ער אויף אַ האָר נישט אָראָפּ־געפֿאַלן ביי זיך, האָט זיי נאָר מיטן קאָפּ אַ מאַך געטאָן און אַזוי געזאָגט: „אָט אַן אומעט אַ ביסל דאַרף זיין אויף די טרעפּ דאָ צו שטיין! איך וועל בעסער אין פּאַלאַץ אַריינגיין!״ די זאַלן זענען מיט אומצאָליקע ליכט אויסגעצייכנט באַלויכטן געווען; געהיים־ראַטן און גענעראַלן זענען באָרוויס אַרומגעגאַן און גאָלדענע כלים אַרומגעטראָגן — ס׳איז געווען פֿון וואָס נתפּעל צו ווערן; זיינע שטיוול האָבן שרעקלעך געסקריפּעט, נאָר אויך דאָס האָט אים נישט אויסגעמאַכט.
— נו, דאָס איז קיי געווען! — האָט געזאָגט גערדא. — איך ווייס, ביי אים זענען נייע שטיוול געווען; כ׳האָב געהערט, ווי זיי האָבן אין דער באָבעס צימער געסקריפּעט.

— יאַ, ווי האָבן נישקשהדיק געסקריפּעט, — האָט פאַרויסגעזעצט דער ראָב. — אָבער ער איז מוטיק און שטאַרק ביי זיך צו דער פּרינצעסין צוגעגאַנגען, וואָס איז אויף אַ פּערל, די גרויס ווי אַ שפּינראָד, געזעסן. אַרום איר זענען אַלע הויפישע דאַמען געשטאַנען מיט זייערע באַדינערינס און מיט די באַדינערינס פון זייערע באַדינערינס און אַלע הויפישע קאַוואַליערן מיט זייערע קאַמערדינערס און מיט די באַדינערס פון זייערע קאַמערדינערס, וואָס אויך יענע האָבן באַדינטע געהאַט, און וואָס נענטער ווער צו דער טיר ס'איז געשטאַנען, אַלץ אַנגעבלאָזענער און גדולדיקער איז זיין אויסזען געווען, אויפן באַדינער פונם קאַמערדינערשן לאַקיים באַדינער, וואָס איז באַשטענדיק אין שטעק-שיך געגאַנגען, האָט מען אַן קיין ציטער נאָר נישט געקענט קיין קוק טאָן — אַזאַ מין אויסזען האָט ער געהאַט, ווען ער איז ביי דער טיר געשטאַנען.

— ווי שרעקלעך ס'האָט באַדאַרפט זיין! — האָט געזאָגט די קליינע גערדאַ. — נו, און וואָס קיי, ער האָט טאַקע חתונה געהאַט מיט דער פּרינצעסין? —

— ווען איך בין נישט קיין ראָב, וואָלט אפילו איך אַליין פאַר איר חתונה געהאַט, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין שוין אַ פאַרקנסטער. וואָס-זשע געהער צו דעם בהורל, האָט ער אַזוי גוט גערעדט, פּונקט ווי איך בשעת איך רעד אויף ראָבן-לשון, — דאָס האָט מיר מיין שטוב-זיצערין, די כלה, דערציילט. ער איז געווען אַזאַ שיינער און פריילעכער. און ער האָט מודיע געווען, אַז געקומען איז ער נישט צוליב דעם, ער זאָל זיך צו דער פּרינצעסין שדכענען, נאָר צוליב דעם, ער זאָל אירע קלוגע רייד הערן; און זי איז אים געפעלן געוואָרן, און ער איר אויך.

— יאַ, געווים איז דאָס קיי געווען! — האָט געזאָגט גערדאַ. — ער איז דאָך אַזאַ קלוגער געווען, ער האָט דאָך אפילו תשבורת געקענט אויפן קאָפּ רעכענען... אָך, זיי אַ גוטער און פיר מיך אין פּאַלאַץ צו אים.

— ס'איז גרינג זאָגן! — האָט באַמערקט דער ראָב. — איך ווייס אפילו נישט, ווי דערפאַר זיך צו נעמען. אָט וועל איך מיט מיין כלה איבעררעדן — מעגלעך, אַז זי ווייסט אַ עצה געבן. פּשוט

אזוי אבער וועט מען אזא מיידעלע, ווי דו, אין פאלאץ נישט אריינלאזן.

— נישקשה, מ'וועט מיך אריינלאזן! — האט געזאגט נערדא.
— אז קיי וועט דערהערן, אז איך בין דא, וועט ער באלד הייסן מיך אריינלאזן.

— ווארט־זשע מיך אוים ביי די פארקאן־שטאכעטן דארטן, — האט געזאגט דער ראב, מיטן קאפ א שאקל געטאן און אוועקגעלאפן.

ס'איז שוין גאר פינצטער געווען, ווען דער ראב האט זיך צוריק אומגעקערט. — קרא! קרא! — האט ער געזאגט. — מיין כלה שיקט דיר טויזנט גרוסן און אט דאס ברויטל, וואס זי האט אין קיך אוועקגעלקחנט. דארט זענען אזוינע ברויטלעך פאראן א סך, און דו האסט זיך שוין געווים אויסגעהונגערט. ס'איז קיין מעגלעכקייט נישטא, זאלסט אין פאלאץ אריין קומען — דו ביסט דאך באָרוועס. די גווארדיאנען, וואס זענען אין זילבער אנגעטאן, און די אפגעניילטע לאקייען וועלן דיך בשום־אופן נישט דורכלאזן. נאר וויין נישט: דו וועסט דאך אהין אנקומען. מיין כלה ווייסט פון איינער א הינטערטיר, וואס פירט אין דער פרינצעסינס שלאפצימער אריין. און ווייסט אויך, וואו ס'איז דער שליסל פון דער טיר, וואס פירט אהין.

זענען זיי אין פאלאץ־סאד אריינגעגאן און אויף א גרויסער אלעע ארויפגעקומען, וואו די בלעטלעך פון די ביימער האבן אין איין פאלן געהאלטן; און ווי נאר אין פאלאץ האבן זיך אלע ליכט אויסגעלאשן, אזוי האט דער ראב גערדאן צו דער הינטערטיר צוגעפירט, וואס איז א ביסעלע אופגעעפנט געווען.

א, ווי גערדאן האט דאס הארץ פון פחד און פון האפענונג געקלאפט! איר האט זיך געדאכט, גלייך ווי זי וואלט עפעס א שלעכטע זאך פארטראכט, הגם באמת האט זי דאך נאר געוואָלט וויסן, צי איז דער קליינער קיי דא פאראן. יא, דאס האט באדארפט זיין ער! און זי האט זיך לעבעדיק זיינע קלארע אויגן פארגעשטעלט, זיינע לאנגע האר און זיין שמייכל, ווען זיי זענען אינאיינעם אונטער די רויזן־קוסטעס געזעסן. יא, אים וועט געווים הנאה טאן, אז ער וועט געוואר־ווערן, וואס פאר א וויימן וועג זי



פאַרביי איר האָבן זיך עפּעס שאָטנס אַזוינע פאַרבייגעטראָגן — פערד מיט צעלאָזטע האַלדז־האָר און מיט דינע פיס און יעגערס, קאַוואַליערן און דאַמען רייטנדיק.

האָט צוליב אים געמאַכט, און וויפיל צרות אַלע אין דערהיים דאַרט פון זיין פאַרשוואונדן־ווערן האָבן. און דאָס הערצל אירס האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט פון פרייד און פחד גרויסן.

און אַט זענען זיי אויף די טרעפּ אַדורכגעקומען. אַ קליין לעמפּעלע האָט אויף דער שאַפע געברענט, און אויף דער ערד איז די שטוב־זיצערין, די ראַב, געשטאַנען; זי האָט איר בשעת־מעשה אַ קניקסן געמאַכט, אַזוי ווי די באַבע האָט זי געלערנט.

— דער חתן מיינער האָט מיר וועגן אייך פיל גוטס דערציילט, קליינע פריילין, — האָט געזאָגט די ראַב די היימישע, — אייער געשיכטע איז זייער רירנדיק. און אויב איר וועט זיך מטריח זיין און יעם לאָמפּ נעמען, וועל איך אייך אויף אַ גלייכן וועג פירן, אויף וועלכן מיר וועלן קיינעם נישט באַגעגענען.

— מיר דאַכט, אַז עמיצער גייט אונדז נאָך! — האָט געזאָגט גערדאַ. און באמת, אין דער מינוט האָבן זיך פאַרביי איר טאַקע עפּעס שאָטנס אַזוינע פאַרבייגעטראָגן. — דאָס זענען פערד מיט צעלאָזטע האַלדז־האָר און מיט דינע פיס געווען, און יעגערס, קאַוואַ־ליערן און דאַמען רייטנדיק.

— דאָס זענען נאַכט־זעעניש נאָר! — האָט געזאָגט די ראַב. — זיי קומען צוליב דעם, זיי זאָלן די הערנס געדאַנקען מיט יאַגד פאַרנעמען. דאָס איז אָבער באַקוועם פאַר אייך. איר וועט דאַן בעסער די שלאָפנדיקע באַטראַכטן קענען. נאָר איך האָף, אַז ווען איר וועט גרויס און דערהויבן ווערן, וועט איר באַווייזן, אַז ביי אייך איז אויך אַן איידל האַרץ פאַראַן.

— אַ, דאָס געוויס, — האָט געזאָגט דער וואַלד־ראַב.

דאַן זענען זיי אין דעם ערשטן זאַל אַריינגעקומען וואָס די ווענט זיינע זענען מיט ראָזן אַטלאַס געווען באַשלאָגן, און אין אַטלאַס זענען קינסטלעכע בלומען אַריינגעשטיקט געווען. אויך דאָ האָבן זיך פאַר זיי די נאַכט־זעעניש פאַרביי־געטראָגן, אָבער אַזוי גיך, אַז גערדאַן האָט זיך נישט איינגעגעבן זיי באַטראַכטן אין דער־נאָנט. וואָס ווייטער זיי זענען געגאַנגען, אַלץ פּרעכטיקער זענען די זאַלן געוואָרן — קיין חידוש נישט: מ'האָט געקענט אין התפעלות קומען. לסוף האָבן זיי זיך אין שלאָפצימער געטראָפן. די סטעליע

איז אויף א גרויסן פּאַלעם מיט גלעזערנע בלעטער עגלעך געווען, און אין מיטן צימער אויף אַ גראָבן גאָלדענעם בלומען־שטעקעלע זענען צוויי בעטלעך, אין דער פאָרם פון ליליעס, געהאַנגען. אין בעטל איז אַ ווייס געווען, און דערין איז די פּרינצעסין געשלאָפן; דאָס צווייטע — אַ רויטס, און דערין האָט גערדאַ קיין באַדאַרפט זוכן. האָט זי אין דער זייט אַריין איינס פון די רויטע בלעטלעך אָפּ־געבויגן און פאַר זיך אַ שטייפן האַלדז־און־נאַקן דערזען. יאָ, דאָס איז קיי געווען! — זי האָט אים הויך ביים נאָמען אָנגערופן און צו אים דעם לאָמפּ צוגעטראָגן. די נאַכט־זעענישן האָבן זיך ווייטער דורך דעם זאַל דורכגעטראָגן, — דער שלאָפנדיקער האָט זיך אויפגעכאַפּט, דעם קאָפּ אויסגעדרייט און — דאָס איז גישט קיי געווען!

דער פּרינץ איז נאָר מיטן האַלדז־און־נאַקן אויף קיי ענלעך געווען, הגם ער איז אויך אַזאַ יונגער און אַזאַ שיינער געווען. פון זייסן ליליענפאָרמיקן בעטל האָט די פּרינצעסין אַרויסגעקוקט און אַ פרעג געטאָן, וואָס איז דאָ געשען. האָט דאַן גערדאַ זיך צעוויינט און איר גאַנצע געשיכטע דערציילט, און אויך אַלץ, וואָס ס׳האָבן פאַר איר ביידע ראָבן געטאָן.

— אָרעם קינד! — האָבן געזאָגט דער פּרינץ מיט דער פּרינ־צעסין, און האָבן די ראָבן געלויבט און אויף זיי ברוגז נישט זיין צוגעזאָגט, און אפילו זיי באַשענקען, אויב זיי וועלן נאָר צוזאָגן, אַז מער אַזוינס וועלן זיי שוין נישט טאָן.

— איר ווילט אויף דער פריי זיין, — האָט געפרעגט די פּרינ־צעסין, — אָדער דאָס אָרט פון הויף־ראָבן פאַרנעמען און אויף אַלעם גרייטן און אויף אַלע קיך־שיריים?

האָבן זיך ביידע ראָבן שטאַרק געבויגט און געזאָגט, אַז זיי האַלטן בעסער פון אַ באַשטענדיק אָרט. זיי האָבן זיך אָן דער עלטער דערמאָנט און באַשלאָסן, אַז דעמאָלט איז נישט שלעכט אַ פאַרזי־בערט שטיקל־ברויט האָבן.

איז דער פּרינץ פון זיין בעטל אויפגעשטאַנען און דאָס גער־דאַן אָפּגעטראָטן, מער פאַר איר האָט ער גאָרנישט נישט געקענט טאָן. האָט זי אירע הענטעלעך צונויפגעלייגט און געטראַכט: „ווי גוט אַלע מענטשן און אַלע חיות זענען!" דערנאָך האָט זי די אויגן

פאַרמאַכט און זיט אַנטשלאָפן געוואָרן. זענען די נאַכט־זעעניש זוידער אין צימער אַריינגעפלויגן, און גערדאַ האָט זיך פאַרגע־שמעלט, אַז עפעס מלאכים אַ שליטעלע שלעפן, אין וועלכן קיי זיצט און מיטן קאָפ צו איר מאַכט. נאָר דאָס אַלץ איז מער נישט, ווי אַ חלום געווען און דערום איז דאָס באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן, ווי נאָר זי האָט די אויגן געעפנט.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען זי פונט קאָפּ ביז די פיס אין סאַ־מעט און אין זיידנס אָנגעטאָן; מ'האָט איר פאָרגעלייגט אין פאַלאַץ איבערבלייבן, וואו ס'וועט זיך איר לעבן, וואָס בעסער קען גאָר נישט זיין. אָבער גערדאַ האָט געבעטן, מ'זאָל איר נאָר אַ פערד־און־וואָגן און אַ פּאָר שיך געבן, ווייל זי האָט באַשלאָסן זיך ווייטער אַוועקלאָזן קיי צו זוכן.

האָט מען איר שיך און אַ מופטע געגעבן, אָנגעטאָן זי זייער גוט, און אַז זי האָט זיך שוין אין וועג אַריין געקליבן, האָט שוין ביים טויער אַ קאַרעטע פון ריין גאָלד, מיט די הערבן פונס פרינץ מיט דער פרינצעסין, געוואַרט, דער אָנטרייבער, דער לאַקיי און די פאָררייטערס — מ'האָט איר אַפילו פאָררייטערס געגעבן — האָבן אויף די קעפ גאָלדענע קרוינען געטראָגן. אַליין דער פרינץ מיט דער פרינצעסין האָבן זי אין דער קאַרעטע אַריינגעזעצט און אַ גליק־לעכע רייזע געוואונטשן. דער וואַלד־ראָב, וואָס האָט שוין געהאַט חתונה געהאַט, האָט גערדאַן די ערשטע דריי מייל באַגלייט; ער איז איר ביי דער זייט געזעסן, ווייל ער האָט נישט געקענט מיטן רוקן צום אָנטרייבער זיצן. די צווייטע ראָב איז ביים טויער גע־שטאַנען און מיט די פליגלען געמאַכט; ווייטער גערדאַן באַגלייטן האָט זי נישט געקענט, ווייל פון דער צייט, זינט זי האָט דאָס גוטע אָרט מיט די גוטע עסנס באַקומען, האָט זי אָנגעהויבן פון קאָפּ־ווייטאָג ליידן. אינעווייניק איז די קאַרעטע מיט מאַנדל־בייגעלעך באַשלאָגן געווען, און אין קעסטעלע, וואָס אונטערן געזעס, זענען פרוכטן און לעקעכלעך געלעגן.

— זיי געזונט! אַ גליקלעכע רייזע! — האָבן דער פרינץ מיט דער פרינצעסין געשריגן. די קליינע גערדאַ האָט געוויינט, אויך דער ראָב האָט טרערן פאַרגאָסן, אַזוי האָט געדויערט די ערשטע

דריי מייל; דערנאָך האָט זיך אויך דער ראָב מיט איר געזעגנט, און דאָס איז שווערער פון אַלץ געווען. ער איז אויף אַ בוים אַרויפֿ־געפֿלויגן און אַזוי לאַנג מיט די שוואַרצע פֿליגלען געמאַכט, ביז די קאַרעטע, וואָס האָט, ווי די לויטערע זון געלויכטן, איז פֿון אויג נישט פֿאַרשוואונדן.

פינפטע מעשה

## דאָס קליינע רויבער־מיידעלע

געדרא איז דורך א פינצטערן וואלד דורכגעפארן, נאר די קא־רעטע איז האט ווי א פייער געלויכטן, האבן זי די גזלנים דערזען און אויפן רייכן רויב זיך ארויפגעווארפן.

— ס'איז גאלד, ריין גאלד! — האבן זיי געשריגן, פונם לאקער ארויסשפרינגנדיק, און האבן די פערד פארהאלטן, און די קליינע פארייטערס, דעם אנטרייבער און די לאקייען געהרגעט און גער־דאן פון דער קארעטע ארויסגעשלעפט.

— אָט וואס פאר א פעטינקע און גוטינקע! ווי ס'ווייזט אויס, האט מען זי מיט לעקעכלעך געהאדעוועט! — האט געזאגט די אלטע גזלנטע מיט דער לאנגער צעשויבערטער בארד און מיט די ברעמען, די אראפגעלאזטע. — זי איז ווי א שעפעלע א פעטס, ס'וואלט נישט שלעכט געווען זי צו פארזוכן! — און מיט די ווער־טער האט זי א שארפן מעסער ארויסגענומען, וואס האט אזוי בע־בליאסקעט, אז ס'איז א שרעק געווען צו קוקן.

— איי! — האט די אלטע אין דער זעלבער מינוט א געשריי געטאן: דאס האט איר טעכטערל, וואס איז ביי איר אויפן רוקן געזעסן, אזא ביס אין אויער געטאן. — אך, דו שד איינער! — האט די מוטער א געשריי געטאן, אבער הרגענען גערדאן האט זי שוין קיין ציים נישט געהאט.

— זי וועט זיך שפילן מיט מיר! — האט געזאגט דאס רויבער־מיידעלע. — זי וועט מיר איר מופטע און איר שיין קליידעלע אפ־געבן און מיט מיר אין איין בעט שלאפן. — און דערביי האט זי נאך־א־מאל די מוטער א ביס געטאן, און אזא שטארקן, אז יענע איז אזש אונטערגעשפרונגען און ארום איר ארט זיך געדרייט. די

גזלנים פון זייער זייט האָבן געלאַכט און געזאָגט: „זעט נאַר, ווי אונדזער אַלטע טאַנצט מיטן אויסוואָרף אירן!'

— איך וויל זיך אין דער קאַרעטע זעצן! — האָט אויסגעשריגן דאָס רויבער־מיידעלע, און איר באַגער איז באַלד דערפילט געוואָרן — אַזאַ קאַפּריזנע און איינגעשפּאַרטע איז זי געווען. האָט זי זיך מיט גערדאַן אין קאַרעטע אַריינגעזעצט און אויף גיך טיף־וואַלד זיך אַוועקגעטראָגן, אויף קיינע בוים־וואָרצלען און אויף קיינע שטיינער־ניט געקוקט. דאָס מיידעלע איז אין איין גרויס מיט גערדאַן געווען, נאָר שטאַרקער פון איר, און די פּלייצעס ברייטער און אַ שטייפע אַנגעצויגענע הויט געהאַט. אירע אויגן זענען שוואַרץ, זייער שוואַרץ געווען און עפּעס האָבן זיי אומעטיקלעך געקוקט. האָט זי גערדאַן פאַר דער טאַליע אַרומגענומען און געזאָגט: „זיי וועלן דיך ניט הרגענען, ביז איך וועל אויף דיר אין כעס ניט ווערן. ביסט אַ פּרינצעסין געווים?"



— ניין! האָט געזאָגט גערדאַ, און איר אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, דערציילט, און ווי ליב זי דעם קליינעם קיי האָט.

האָט דאָס רויבער־מיידעלע אויף איר זייער ערנסט אַ קוק געטאָן, מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטאָן און ווידער געזאָגט: „זיי וועלן דיך שוין ניט הרגענען אפילו דעמאָלט, ווען איך וועל אויף דיר

יאָ אין כעס ווערן — דעמאָלט וועל איך עס שוין בעסער אַליין טאָן!"
דערנאָך האָט זי געדראָהן די טרערן אָפּגעווישט, און אירע הענט אין
דער גוטער טופּטע, וווּ ס'איז אַזוי ווייך און וואַרעם געווען,
באַהאַלטן.

לסוף האָט זיך די קאַרעטע אָפּגעשטעלט. זענען זיי אַריינגע־
פאָרן אין אַ גרויסן הויף פון אַ גנבים־טויער, וואָס ער איז פון אויבן
ביז אַראָפּ אין הוילע שפּאַלטן געווען. פון די שפּאַלטן זענען ראָבן
און קראָעס אַרויסגעפלויגן, און די גרויסע קייטן־הינט, וואָס האָבן
אַזוי בייז געקוקט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַ מענטשן איינשלינגען,
זענען פון זייערע בודקעלעך אַרויס, נאָר געהאַוקעט האָבן זיי נישט,
ווייל ס'איז פאַרווערט געווען.

אין אַ גרויסן אַלטן זאַל אַ פאַררויכערטן, אויף אַ שטיינערנע
באָדן, איז אַ גרויס פייער צעלייגט געווען; דער רויך פון פייער האָט
זיך ביז צו סאַמע דער סטעליע אויפגעהויבן, זיך אָן אויסגאַנג גע־
זוכט; אין אַ גרויסן קעסל האָט זיך אַ יויך געקאָכט און קראָליקלעך
און האָזעלעך האָבן זיך אויף בראָט־שפּיזן געבראָטן.

היינטיקע נאַכט וועסטו שלאָפן מיט מיר און מיט אַלע מיינע
חיהלעך! — האָט געזאָגט דאָס רויבער־מיידעלע. האָט מען זיי גע־
געבן עסן און טרינקען, און דערנאָך זענען זיי אין אַ ווינקל אַוועק־
געגאַן, וווּ ס'איז שטרוי, מיט קאָלדרעס באַדעקט, אויסגעשפּרייט
געווען. איבער אָט דעם אויסגעבעט, אויף פּאַליצעס און דראָנגען
זענען ביי אַ הונדערט טויבן געזעסן; די טויבן, ווייזט אויס, זענען
שוין געשלאָפן, נאָר אַז די מיידעלעך זענען צוגעקומען, האָבן זיי זיך
עפּוואָס רירן גענומען.

— זיי געהערן אַלע מיר! — האָט געזאָגט דאָס רויבער־
מיידעלע, איינע פון די טויבן פאַר די פיסלעך אַ כאַפּ טוענדיק, און
אַזוי שטאַרק מיט איר טרייסלען גענומען, אַז דאָס אָרעמע טייבעלע,
נעבעך, האָט מיט די פליגלען זיך צעפּאַרפּלט. — גיב עס אַ קוש!
— האָט זי זיך צעשריגן און עס געדראָהן אין פּנים אַריין געוואָרפן.
— און אָט זיצן די פרייע וואַלד־וואַנדערער! — האָט זי געזאָגט,
אָנווייזנדיק אויף אייניקע דרענגלעך, וואָס זענען צו דער וואַנט צו־
געשלאָגן געווען. — אָט די צוויי זענען פרייע וואַלד־וואַנדערער,

זיי וואלטן תיכף אנטלאפן, נוען מ'זאל זיי גום נישט פארשליסן; און אם איז מיין ליבער אלמיטשקער „באע" !—און מיט די ווערטער האט דאס מיידעלע פאר די הערגנער דעם צפון־הירש ארויסגעשלעפט, וואס איז אויף א שטריק צוגעבונדן געשטאנען און אויפן האלדז א בלישטשענדיקן קופערנעם האלדזבאנד געהאט. — אים דארף מען אויך אויף א שטריק האלטן, א נישט וועט ער אומבאדינגט אנט־לויפן. אלע אויפדערנאכט קיצל איך אים איבערן האלדז מיט מיין שארפן מעסער — דערפאר האט ער שטארק מורא. — און דאס מיי־דעלע האט פון א וואנט־שפאלט א לאנג מעסער ארויסגענומען און מיט אים איבערן הירשס האלדז איבערגעגאן. די ארעמע חיה, געבעך, האט גענומען מיט די פיס קלאפן, נאר דאס רויבער־מיידעלע האט נאר געלאכט און גערדאן שלאפן אפגעפירט.

— דו שלאפסט דען מיטן מעסער? — האט געפרעגט גערדא, דערשראקן זיך ארומקוקנדיק.

— איך שלאף באשטענדיק מיטן מעסער! — האט געענט־פערט דאס רויבער־מיידעלע. — מ'קען נישט וויסן, וואס ס'קען זיך מאכן. און איצט דערצייל מיר נאך אמאל די געשיכטע מיטן קליי־נעם קיי און נאכוואס דו האסט זיך אויף דער וועלט וואנדערן געלאזט.

און גערדא האט איר איבערגעזאגט איר געשיכטע דערציילט; די וואלד־טויבן האבן פון אויבן אין זייער שטייגל געטרוקעט, און די איבעריקע טויבן זענען געשלאפן. האט דאס רויבער־מיידעלע מיט איין האנט גערדאס האלדז ארומגענומען און אין דער צווייטער דעם מעסער געהאלטן און אזוי געכראפעט, אז גערדא האט די גאנ־צע נאכט מיט קיין אויג נישט געקענט צומאכן; זי האט נישט גע־וואוסט, צי וועט מען זי הרגענען, צי וועט מען זי לעבן לאזן. די גזלנים זענען ארום פייער געזעסן, געטרונקען און געזונגען און די גזלנטע האט זיך פאר זיי געבראכן און קונצן געוויזן. אך, ווי שרעק־לעך ס'איז געווען גערדאן דאס אלץ צוזען!

פלוצים האבן זיך די וואלד־טויבן צערעדט: „קור־רא, קור־רא! מיר האבן דעם קליינעם קיי געזען! א ווייס הינטעלע ווי שניי, האט זיין שליטעלע געטראגן, ער איז אין שליטן ביי דער שניי־מלכה

בעזעסן, וואָס איז דורכן וואַלד דורכגעפּאָרן, ווען מיר זײַנען נאָך קליינע אין די נעסטן געווען. זי האָט אויף אונדז אַ בלאָז געטאָן, אויף די יונגע פֿייגעלעך, און אַלע, אויסער אונדז צוויי, זײַנען אומ־געקומען... קור־ראַ, קור־ראַ!"...

— וואָס רעדט איר דאָרט? — האָט אויסגעשריגן גערדאַ. — וווּהין איז זי אַוועקגעפֿאָרן די שניי־מלכּה? איר ווייסט עפּעס ווענן איר?

— זי איז געוויס קיין לאַפּלאַנד אַוועקגעפֿאָרן, ווײַל דאָרטן איז דאָס אייביקע אײַז און שניי! פֿרעג ביים הירש, וואָס שטייט אויף דעם שטריק אָן דאָרט.

— דאָרט איז אייביק אײַז און שניי, דאָרט איז וואונדער! — האָט געזאָגט דער הירש: — דאָרט שפּרינגט מען אויף דער פֿרייַ איבער די גרויסע טאָלן אַרום. דאָרט איז דאָס זומער־געצעלט פֿון דער שניי־מלכּה. און דער שטאַרקער שלאָס אירער איז העכער, ביים סאַמע צפֿון־פּאָל, אויף אַן אינזל, וואָס הייסט שפּיצבערגען.

— אָ, קײַ, אָרעמער, קליינער קײַ! — האָט גערדאַ מיט אַ זיפֿץ געזאָגט.

— ליג רואיק! — האָט געזאָגט דאָס רויבער־מיידעלע, — אַ נישט וועל איך דיר דאָס מעסער אין האַרצן אַרײַנשטעכן.

אויפֿן צווייטן טאָג האָט איר גערדאַ דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט פֿון די טויבן געהערט, און דאָס רויבער־מיידעלע האָט מיט אַן ערנסטן אויסזען מיטן קאָפּ געשאָקלט און געזאָגט: „ס'איז אַלץ־איינס"!...

— און דו ווייסט, וואו לאַפּלאַנד געפֿינט זיך? — האָט זי דעם צפֿון־הירש אַ פֿרעג געטאָן.

— ווער־זשע זאָל וויסן, אויב נישט איך? — האָט געענטפֿערט דער הירש, און די אויגן ביי אים האָבן זיך אויש צעלויכטן. — דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן; דאָרט בין איך איבער די שניי־פֿעלדער אַרומגעלאָפֿן.

— הער! — האָט דאָס רויבער־מיידעלע גערדאַן געזאָגט — דו זעסט אַלע אונדזערע מאַנסבילן זײַנען אַוועקגעגאַנגען; נאָר די מאַמע

איז דא און זי וועט אין זערהיים בלייבן. נאר נאכן איבערבייסן, טרינקט זי פון א גרויסער פלאש אוים און זי ווערט אויף א שטיקל צייט אנטשלאפן; דעמאלט וועל איך פאר דיר עפעס טאן.
און דא איז דא מיידעלע פון איר בעט אראפגעשפרונגען, די מוטער ארום האלדז ארומגעכאפט, פאר דער בארד זי א שלעפ געטאן און געזאגט: „וואס מאכסטו עפעס גוטס, מיין טייער ציגנבאק!" און די מאמע האט איר א פיק אין דער נאז געטאן, אבער אזא שטארקן, אז די נאז ביים מיידעלע איז ברוין און בלוי געווארן. נאר דאס אלץ איז זיך ליבנדיקערהייט געטאן געווען — אזוינע ליבע־שפילן זענען ביי זיי געווען.

אז די מוטער האט דערנאכדעם פון פלאש אויסגעטרונקען און אנטשלאפן געווארן, איז דאס רויבער־מיידעלע צום הירש צוגעגאנגען און אים אזוי געזאגט: „ס'וואלט מיר איינגעשטען געווען נאך לאנג דיך מיט מיין שארפן מעסער צו קיצלען, ווייל דעמאלט ביזטו אזוי לעכערלעך און צום לאכן, נאר אזוי וועט זיין: איך וועל דיך אפבינדן און דיך אין דיין לאפלאנד אנטלויפן לאזן. נאר לויף, ווי פייל פון בויגן, און שטעל צו דאס מיידעלע אין שלאס פון דער שניי־מלכה, ביי וועלכער איר חבר וואוינט. דו האסט דאך געהערט, וואס זי האט פריער דערציילט; — זי האט גענוג הויך גערעדט, און דו האסט זיך געווים אונטערגעהערט.

דער הירש איז פון פרייד אזש אונטערגעשפרונגען, האט דאס רויבער־מיידעלע אויף אים דאן געזעצט ארויפגעזעצט, און כדי צו פארזיכערן זיך, האט זי צוגעבונדן זי און אפילו אונטערן געזעס א קישעלע אונטערגעלייגט.

— אזוי בלייבט עס! — האט זי געזאגט: — אט האסטו די פוטערנע שטיוועלעך דיינע, ווייל די פרעסט קומען אן; די מופטע אבער לאז איך ביי זיך איבער, זי איז זייער א שיינע. דאך פרירן וועל איך דיך נישט לאזן. אט האסטו דיר דער מאמעס גרויסע הענטשקעס, זיי וועלן דיר ביז די עלנבויגנס דערגרייכן. טו זיי אויף די הענט אן. נו, איצט ביסטו מיט די הענט אינגאנצן אויף מיין מיאוסער מאמע ענלעך!

און גערדא האָט זיך פאַר פרייד צעוויינט.

— איבערראַשן קען איך נישט קיין געוויין־געשמיין! — האָט געזאָגט דאָס רויבער־מיידעלע. — איצט פאַרקערט דאַרפסטו דאָך פריילעך זיין! אָט נאַ׳דיר צוויי ברויטן און אַ שטיקל פלייש, זאָלסט אויפן וועג נישט הונגעריק זיין.

און ביידע זאַכן זענען צום הירש צוגעבונדן געוואָרן; דאָס מיידעלע האָט די טיר אויפגעעפנט, האָט פון הויף אַלע גרויסע הינט אַריינגעטריבן, דערנאָך האָט זי מיט איר שאַרפן מעסער די שטריק, צו וועלכן דער הירש איז צוגעבונדן געווען, איבערגעשניטן און אים אַזוי געזאָגט:

— איצט לויף, נאָר זע, היט דאָס מיידעלע אָפּ! — האָט גערדא אירע ביידע הענט אין די גרויסע הענטשקעס צו דעם רויבער־מיידעלע אויסגעשטרעקט און געזאָגט: „זיי געזונט!" און דערנאָך האָט דער הירש זיך מיט די פיס צעלאָזט איבער שטיינער און וואָרצלביימער, איבערן וואַלד דעם גרויסן און איבער בלאָטעס. וועלף האָבן געוואָיעט, ראָבן האָבן געקראַקעט. „פּוט! פּוט!" — האָט זיך אין דער לופט געטראָגן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער גאַנצער הימל איז אין העליש פייער געווען.

— דאָס איז מיין לאַנד־געבירטיקע צפון־שיין — האָט געזאָגט דער הירש. — זע, ווי ס׳לויכט! — און ער האָט זיך נאָך גיכער צעלאָזט! איז ער געלאָפן טאָג און נאַכט. הוען דאָס ברויט און דאָס פלייש זענען שוין אויסגעגאַן, זענען זיי שוין אין לאַפּלאַנד געווען.

## זעקסטע מעשה

### די לאַפּלענדערין און די פינערין

אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך פאַר אַ קליין שטיבעלע, וואָס האָט זייער אָן אָרעמען אויסזען געהאַט; דער דאַך איז כמעט ביי דר'ערד געווען, און די טיר איז געווען אַזוי נידעריק, אַז דורכגיין דורך איר האָט מען געקענט נישט אַנדערש, סיידן אויף אַלע פיר קריכנדיק. אין דערהיים איז נאָר איינע אַן אַלטיטשקע לאַפּלענדערין געווען, וואָס האָט געפּרעגלט פיש אויף אַ לאָמפּ, מיט פיש-אייל אָנגעפילט. אָט איר האָט דער הירש איינגאַנצן גערדאַס געשיכטע דערציילט. נאָר פריער האָט ער זיין אייגענע איבערגעגעבן, ווייל ער האָט זי פאַר אַ סך וויכטיקער גערעכנט. גערדאַ איז אַזוי דערפרוירן געווען, אַז זי האָט קיין איין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן.

— אַך, איר אָרעמענקע מיינע! — האָט געזאָגט די לאַפּלענדערין — אייך שטייט נאָך אַ וייטער וועג פאַר. ביז פינלאַנד איז נאָך אַ וואָרסט הונדערט כמעט. דאָ איז די זומער-רעזידענץ פון דער שניי-מלכה; דאָ צינדט זי אַלע אויפדערנאַכט בענגאַלישע פייערן אָן. איך וועל אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער אויף אַן אויסגעטרוקנטן שטאָקפיש — קיין פּאַפּיר האָב איך נישט. איר וועט דאָס אָפּגעבן דער פינערין, וואָס וווינט אין יענע ערטער, און יענע וועט אייך שוין זאָגן, וואָס איר האָט צו טאָן.

און אַז גערדאַ האָט זיך אָנגעוואַרעמט און דעם הונגער און דעם דאָרשט געשטילט, האָט די לאַפּלענדערין עטלעכע ווערטער אויף דעם אויסגעטרוקנטן שטאָקפיש אָנגעשריבן, און עצהנדיק גערדאַן, זי זאָל דאָס געשריפטס אָפּהיטן, האָט זי איבערגעזעצט צום הירש זי צוגעבונדן, וואָס האָט זיך טאַקע תיכּף ווייטער לויפן געלאָזט. „פּוט! פּוט!" — האָט זיך אין דער לופט געטראָגן; די גאַנצע נאַכט האָט

די וואונדערלעכע צפון־שיין געלויכטן. לסוף זענען זיי קיין פינלאַנד געקומען און האָבן צו דער פינערין אין קוימען אַנגעקלאַפּט, ווייל בײַ דער איז אפילו קיין טיר נישט געווען.



די לאַפּלאַנדערין האָט עטלעכע ווערטער אויף דעם אויסגעטריקנטן שטאָקפיש אָנגעשריבן.

אין דער וואוינונג פון דער פינערין איז אַזאַ היץ געווען, אַז די בעלהביתטע, אַ קליינע און זייער אומריינע פרוי, איז כמעט נאַקעט אַרומגעגאַנגען. האָט זי באַלד געדאַכט די קליידעלעך צעשפיליעט, האָט בײַ איר די הענטשקעס און די שיך אַראָפּגענומען, ווארעם ווען

נישט, וואלט דעם מידעלע אומערטרעגלעך הייס געווען, דערנאך האט זי דעם הירש אויפן קאפ א שטיקל אייז ארויפגעלייגט און גענומען לייענען דאס, וואס איז אויף דעם אויסגעטרוקנטן שטאק-



פיש אנגעשריבן געווען. דריי מאל האט זי דער לאפלענדערינס געשריפט איבערגעלייענט, אזוי אז זי האט דאס שוין אויף אויס-ווייניק אויסגעחזרט, און דערנאך האט זי דעם פיש אין קעסל מיט יויך אריינגעלייגט, דער פיש האט נאך אויף עסן געטויגט, און די פינערין האט נישט ליב געהאט, אז פון בעל-הביתישקייט זאל עפעס לאבוד גיין.

דאן האט דער הירש פריער זיין געשיכטע דערציילט, דערנאך גערדאט; די פינערין פון איר זייט האט נאר מיט די קליינינקע אוי-געלעך געפינטלט, נאר קיין ווארט נישט געזאגט.

— דו ביסט אזא חכמה! — האט געזאגט דער הירש, — איך ווייס, דו קאנסט אלע ווינטן, וואס אויף גאר דער וועלט, מיט איין פאדים צונויפבינדן. אז דער שיפסמאן וועט איין קניפ אויפקניפן,

האָט אַ קליין ווינטל ווערן, אַז ער וועט דעם צווייטן אויפקניפּן — וועט זיך אַזאַ שטורעם אויפהויבן, אַז אין וואַלד וועלן זיך ביימער ברעכן. קאָנסטו נישט געבן דעם מיידעלע אַזאַ מין געטראַנק, אַז זי זאָל דעם כח פון צוועלף ריזן באַקומען — וואָלט זי זיך שוין דע־מאָלט אָפּגערעכנט מיט דער שניי־מלכה!

— דעם כח פון צוועלף ריזן? — האָט געזאָגט די פינערין. — דערפון אָבער וואָלט ווייניק־וואָס אַרויסגעקומען! — און זי איז צו אַ פּאָליצע, וואָס איז אויף דער וואַנט געהאַנגען, צוגעגאַנגען, האָט פון דאָרט אַ גרויסן צונויפגעלייגטן לעדער אַזאַ אַראָפּגענומען און דאָס צענומען; אויפן לעדער דאָרט זענען וואונדערלעכע מינים אותיות אויסגעשריבן געווען, און די פינערין האָט זיך דאָרט אַזוי אין לייענען זיי פאַרטיפט, אַז דער שווייס האָט פון איר ריטשקעסווייז געגאַנגען.

נאָר דער הירש האָט אַזוי פאַר דער קליינער גערדאַן געבעטן, און דאָס מיידעלע האָט אויף דער פינערין מיט אַזוינע רחמנותדיקע אויגן פול מיט טרערן געקוקט, אַז יענע האָט נאָך אַמאָל מיט די אויגעלעך זיך צעפינטלט, און, דעם הירש אין אַ ווינקל אָפּפירנ־דיק, האָט זי אים עפּעס אויפן אויער איינגערויטט. פריער אויפן קאָפּ אים אַ פרישן שטיקל אייז אַרויפלייגנדיק.

— דער קליינער קיי איז נאָך אַלץ ביי דער שניי־מלכה און פילט זיך דאָרט אויסגעצייכנט, ער מיינט, אַז קיין בעסער אָרט פון יענעם איז נאָר אויף דער וועלט נישטאָ. נאָר דאָס נעמט זיך אַלץ דערפון, וואָס אין אויג און אין האַרץ זענען אים יענע שפּיגל־שטיקעלעך אַריין. ביז וואַנען מע וועט זיי נישט אַרויסנעמען, קען ער קיין מענטש, זוי פריער, נישט ווערן און ער מוז אונטער דער געוועל־טיקונג פון דער שניי־מלכה בלייבן.

— אָבער קאָנסטו דען נישט געבן גערדאַן עפּעס וואָס אַזוינס, זי זאָל די שניי־מלכה בייקומען?

— קיין גרעסערן כח, וואָס זי האָט, קען איך איר נישט געבן! זעסטו דען נישט, אַז מענטשן און חיות דינען איר, און אַז באָרוועס איז זי נאָר די וועלט אויסגעגאַן? נישט איך דאַרף איר כח געבן. דער כח איז ביי איר אין האַרצן, און נעמט זיך דערפון, וואָס גערדאַ

איז אַ ליב און אומשולדיק קינד אַזאַ. אויב זי וועט זיך אַליין צו דער שניי־מלכּה נישט דורכשלאָגן און פון קיים האַרץ און אויגן די שטיקעלעך גלאָז נישט אַרויסנעמען, וועלן מיר גאָרנישט נישט העלפן. צוויי מייל פון דאַנען הויבט זיך דער שניי־מלכּהס סאַד אָן, טראָג אַהין דאָס מיידעלע אַוועק, זעץ זי אַוועק ביים גרויסן קוסט מיט די רויטע יאַגדעס, וואָס שטייט אין שניי דאָרט, נאָר זע פאַר־פלוידער זיך דאָרט נישט און גיך קער זיך אַהער אום צוריק! — און מיט די ווערטער האָט די פינערין גערדאַן אויפן הירש אַרויפגעזעצט, און יענער איז אַוועק, ווי אַ הירש נאָר קען אַוועק.

— אָך איך האָב נישט די שיכעלעך ביי זיך! איך האָב נישט די הענטשקעס! — האָט געשריגן די קליינע גערדאַ, אַז זי האָט די פרירנדיקע קעלט דערפילט, אָבער דער הירש האָט קיין רעכט נישט געהאַט זיך אָפּצושטעלן און איז ווייטער געלאָפן, ביז וואַנען ער איז צום קוסט מיט די רויטע יאַגדעס נישט דערלאָפן. דאָרט האָט ער גערדאַן אויף דער ערד אַראָפּגעזעצט, מיט טרערן זי אין די ליפּן אַ קוש געטאָן, און פייל־פון־בויגן צוריקגעוועגט זיך געלאָזט. און האָט אָרעמע מיידעלע, נעבעך, האָט זיך אַליין, אין מיטן דעם שרעקלעכן און קאַלטן פינלאַנד אָן שיך און אָן הענטשקעס געטראָפן.

האָט זי זיך פאַרויס לויפן געלאָזט, ווי ווייט נאָר זי האָט כּח געהאַט. פלוצים זענען איר אַנטקעגן אַ גאַנצע מחנה שניי־פליאַכעס אַנגעלאָפן,, וואָס נישט פון הימל זענען זיי געפאַלן — דער הימל איז לחלוטין לויטער געווען און מיט צפון־שיין באַלויכטן געווען — די פליאַכעס האָבן זיך גלייך איבער דער ערד געטראָגן, און וואָס נענ־טער זיי זענען צו גערדאַן צוגעקומען, אַלץ גרעסער און גרעסער זענען זיי געוואָרן. גערדאַ האָט זיך דערמאָנט, ווי גרויס און שיין ס'האָבן זיך איר אויסגעוויזן די שניי־פליאַכעס, וואָס זי האָט אין פאַרגרעסער־גלאָז געזען; די אָבער זענען געווען נאָך גרעסער און שרעקלעכער, זי זענען כּמעט לעבעדיקע געווען. דאָס איז דער אַוואַנגאַרד פון דער שניי־מלכּה געווען. אָן אויסזען האָבן זיי געהאַט אַ סאַמע וווּנדערלעכן: פייל זענען אויף אומגעהייערע און אומגע־לומפּערטע שטעכלטירן ענלעך געווען, אַנדערע האָבן ווי אַ שלאַנ־גען־קנויל מיט פאַרויס אַרויסגעשטעקטע קעפּ דערמאָנט, און נאָר אַ

מיל האָבן ווי קליינע דיקע בערעלעך מיט צעשויבערטע פעלצלעך אויסגעזען, נאָר אַלע האָבן זיי מיט ווייסקייט געבליאַסקעט און אַלע זענען לעבעדיקע שניי־פּליאַכעס געווען.

האָט גערדאַ דאַן מתפּלל זיין גענומען. די קעלט איז אַזוי גרויס געווען, אַז זי האָט געקענט איר אייגענעם אָטעם זען, וואָס איז איר



און אין די הענט שפּיזן און שילדבלעכן...
...ביי אַלע אויף די קעפּ זענען ריטער־היטלען געווען.

פונם מויל אין דער פאַרט פון דאַמף אַרויסגעקומען. דער דאַמף איז אַלץ ממשותדיקער געוואָרן און לסוף זיך אין קליינע מלאכימלעך פאַרוואַנדלט, וואָס, אַז זיי האָבן זיך אָן דער ערד אָנגערירט, זענען זיי אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרן. ביי אַלע אויף די קעפּ זענען ריטער־היטלען געווען, אין די הענט שפּיזן און שילד־בלעכן; זייער צאָל האָט זיך אַלץ פאַרגרעסערט, און אַז גערדאַ האָט איר תּפילה פאַרענדיקט, איז זי שוין מיט גאַנצע מלאכים־לעגיאָנען אַרום־גערינגלט געווען. זיי האָבן מיט זייערע שפּיזן די שרעקלעכע פליאַ־כעס דורכגעשטאָכן, וואָס האָבן זיך באַלד אין טויזנטער שטיקעלעך צעשאָטן, און די קליינע גערדאַ איז געשטאַרקט און בראַוויקט פאַרויס געגאַנגען. די מלאכים האָבן איר די הענט און די פיס געג־

לעט, און נערדא קיין קעלט כמעט נישט פילנדיק, האט זיך לסוף צום שלאס פון דער שניי־מלכה דערקליבן.

נאר איצט וועלן מיר א קוק טאן, וואס קיי טוט. געוויס טראכט ער אפילו נישט פון דער קליינער נערדא און בפרט וועגן דעם, אז זי איצט דא און פארן טאמע שלאס נאך טאקע.

## זיבעטע מעשה

### וועגן דער שניי־מלכּהס שלאָס און וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען

די ווענט פונעם שלאָס זענען פון ווירבל־שניי געמאַכט געווען, און בייזע ווינטן האָבן אין זיי טירן און פענצטער אויסגעמאַכט. מער פון הונדערט זאַלן זענען דאָרט געווען, אַלע מיט שניי פאַרוואַל־גערטע; די גרעסטע פון זיי האָט זיך אויף אייניקע מײַלן געצויגן. אַלע זיי זענען מיט צפֿון־שײַן באַלויכטענע געשטאַנען און אַזוינע געווען גרויסע און פּוסטע, אַזוינע קאַלטע און בליאַסקנדיקע געווען. קיין פאַרווײַלונגען זענען דאָרט נישט פאָרגעקומען, אַפֿילו אין דער פאָרעם פון פּשוטע בערן־בעלער, וואו די ראָל פון אָרקעסטער שפּילט דער שטורעם, און די ווײַסע בערן אויף די הינטערשטע פיס גייען און זייערע בערישע מאַנירן באַווײַזן. דאָרט איז אויך קיין זכר נישט געווען אַפֿילו פון וואַסערע נישט איז שפּילן מיט פּעטש און קלעפּ פון לאַפּעס בערישע, אָדער פון די קאַפּע־זיצונגען פון די פוקסן; פּוסט, פּוסט און קאַלט איז געווען אין די זאַלן פון דער שניי־מלכּה. די צפֿון־שײַן האָט אַזוי פּינקטלעך און רעגעלמעסיק געלויכטן, אַז מ׳האָט געקענט אויף פֿריִער אויסרעכענען ווען וועט זי זיך באַזונדערס שטאַרקן און ווען וועט זי גאָר שוואַך ווערן... אין דער מיט פון סאַמע דעם גרעסטן שניי־זאַל איז אַ פאַרפרוירענע אָזערע געשטאַנען; דאָס אײַז וואָס האָט זי באַדעקט, האָט אויף טויזנטער שטיקלעך געפּלאַצט, און אַזוי, אַז איין שטיקל איז פּינקטלעך אויפן צווייטן ענלעך געווען — אַן אמת קונסט־ווערק. אַט אויף דער אָזערע פלעגט די שניי־מלכּה זיצן, ווען זי איז אין דערהיים געווען, און זאָגן

פלענט זי דאָן, אַז זי זיצט אויפֿן שפּיגל פֿון פֿאַרשטאַנד, און אַז דאָס איז דער איינציקער און בעסטער שפּיגל פֿון דער וועלט.

דער קלײנער קיי איז לחלוטין בלוי געוואָרן, כמעט שוואַרץ אַזש פֿון קעלט; נאָר ער האָט דאָס נישט באַמערקט, ווייל די שניי־מלכה מיט אירע קושן האָט אים צום פֿראָסט נישט פֿילנדיק געמאַכט, און זײַן האַרץ האָט זיך אין אַ שטיק אײַז פֿאַרוואַנדלט. פֿלעגט ער פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן שלעפּן שאַרפֿע און פֿלאַטשיקע שטיקער אײַז אַר־בערטראָגן, און זיך באַמיען פֿון זיי וואָסערע נישט איז פֿיגור צונויפֿ־



...קיי האָט פֿון די אײַז־שטיקער פֿיגורן צונויפֿגעלייגט...

לייגן, פּונקט ווי מיר מיט הילצערנע קלעצלעך טוען. ביי אונדז הייסט עס שטיבעלעך־בויען. אויך קיי האָט פֿון די אײַז־שטיקער פֿיגורן צונויפֿגעלייגט, — און נאָך וואָסערע קונציקע! דאָס איז געווען אַ מין שכל־שפּיל מיט אײַז. אין זײַנע אויגן האָבן די אַלע פֿיגורן גאָר צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט און העכסט־וויכטיק געווען — אַזוי געווירקט אויף אים האָט דאָס גלאָז־שטיקעלע, וואָס איז בײַ אים אין אויג געזעסן, האָט ער די פֿיגורן אַזוי אויסגעלייגט, אַז ס'האָבן זיך גאַנצע ווערטער באַקומען. אָבער בשום אופֿן האָט זיך אים נישט אײַנגעגעבן צונויפֿצולייגן דאָס וואָרט, וואָס ס'האָט זיך

אים באזונדערס שטאַרק געוואָלט — דאָס וואָרט „אייביקייט". די שניי־מלכה האָט אים געזאָגט: „אויב דו וועסט אָט דאָס וואָרט צו־נויפלייגן, וועסטו זיך אַליין אַ האַר ווערן און איך וועל דיר די גאַנצע וועלט אַוועקשענקען און נאָך אַ פּאָר נייע גליטשערס דערצו". אָבער דאָס וואָרט האָט זיך אים אַלץ נישט איינגעגעבן.

— נו, איצט וועל איך אין די וואַרעמע לענדער אַ פלי טאָן! — האָט געזאָגט די שניי־מלכה. — איך דאַרף דאָרט אין די שוואַרצע טעפּ אַריינקוקן: — אַזוי האָט זי די פייערשפּייענדיקע בערג, עטנאַ און וועזוּוו אָנגערופן. — מע דאַרף זיי אַ ביסל אויסווייסן; איצט איז פּונקט די צייט דערויף. דאָס וועט פאַר די ליטמענעס און הייטבורזיבן גוט זיין.

און מיט די ווערטער איז די שניי־מלכה אַפּגעפלויגן. איז קיי איינער אַליין אין דעם גרויסן, פּוסטן און אייזיקן זאַל געבליבן, און כדי צו פאַרנעמען זיך מיט עפּעס, האָט ער די אייז־שטיקער באַ־טראַכטן גענומען און געטראַכט — געטראַכט אַזוי פיל, אַז דער קאָפּ איז אים שיער נישט צעשאָסן געוואָרן; און ער איז אַזוי שטיל און פאַרשטאַרט געזעסן, ביז ער האָט זיך גאָר ווי אַ דערפרוירענער אויסגעוויזן.

⁂

און אָט דעמאָלט איז אין פּאַלאַץ דורכן גרויסן טויער די קליינע גערדאַ אַריינגעגאַנגען. בייזע ווינטן האָבן זיך אפילו געפּרוּווט אויף איר אַ בלאָז טאָן, האָט זי אָבער איר נאַכט־געבעט צו זאָגן אָנגע־הויבן, האָבן זיך די ווינטן געשטילט אינגאַנצן, ווי זיי וואָלטן שלאָפן ליגן זיך פאַרנומען, און זי איז אין די גרויסע, פּוסטע און קאַלטע זאַלן אַריינגעגאַנגען. און זי האָט דאָרט קיי דערזען און אים באַלד דערקענט. האָט זי זיך אים אויפן האַלדז אַ וואָרף געטאָן, אים שטאַרק אַרומגענומען און אויסגעשריגן: „קיי, טייערער, ליבער קיי! לסוף דיך דאָך געפונען!"



קיי אָבער האָט זיך. אפילו קיין ריר נישט געטאָן און נאָר זיך ווייטער אַזוי שווייגנדיק און קאַלט געזעסן. האָט דאָס מיידעלע מיט הייסע טרערן וויינען אָנגעהויבן. זענען אירע טרערן אויף קייס ברוסט געפאַלן, האָבן זיי אים אין האַרצן אַריינגעדרונגען, האָבן דאָס אייז דאָרט צעגיין געמאַכט און די שטיקלעך גלאָז צעשמאָלצן; האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן, און זי האָט זינגען גענומען:

די רויזן זיי בליען, ווי שיין, אַך, ווי שיין!
ביי אונדז איז דער זומער, דער ליבער, אליין!

האָט זיך אויך קיי צעוויינט, און אַזוי שטאַרק, אַז דאָס גלאָזשטיקעלע איז אים פון אויג אַרויס. דאַן האָט ער גערדאַן דערקענט און פריילעך אויסגעשריגן. גערדאַ, ליבע, גוטע גערדאַ! וואו ביסטו געווען ביז אַהער? און וואו בין איך עס געווען? — און זיי האָבן זיך מיט פאַרוווּנדערונג אַרום זיך אַרומגעקוקט? — און קאַלט ס'איז דאָ! וואָס פאַר אַ פוסטקע! — און ער האָט זיך שטאַרק צו גערדאַן צוגעדריקט, וואָס האָט אי געלאַכט, אי געוויינט פון פרייד. דאָס איז געווען אַזאַ פרייד, אַז אפילו די אייז־שטיקער האָבן זיך פון הנאה צעשפרונגען, און אַז זיי זענען מיד געוואָרן און צוריק זיך אַוועקגעלייגט, האָבן זיי פון זיך פונקט די אותיות צונויפגעלייגט, פאַר וועלכע די שניי־מלכה האָט קיי צוגעזאָגט אויף דער פריי אַרויסלאָזן, אים די וועלט אַוועקשענקען און אַ פּאָר נייע גליטשערס אַלס צוגאָב.

האָט אים דעמאָלט גערדאַ אין די באַקן געקושט, האָט זיך אויף

זיי אַ רוימלעכקייט באַוויזן; האָט זי איִם אין די אויגן געקושט,
האָבן זיי, ווי אירע, לויכטן גענומען; האָט זי איִם די הענט און די
פיס געקושט, און ער איז געזונט און פריש געוואָרן. איצט האָט
שוין קיי קיין מורא נישט געהאַט פאַר דעם צוריקקערן פון דער שניי־
מלכה; זיין פרייהייט איז געגעבן, זיין פריי־בילעט איז מיט בליאַס־
קנדיקע אייז־אותיות דאָ אָנגעשריבן.

און זיי האָבן זיך פאַר די הענט אָנגענומען און פון פּאַלאַץ
אַרויסגעגאַן; זיי האָבן גערעדט וועגן דער באָבען און וועגן די רויזן,
וואָס אויפן שטוב־דאַך ביי זיי, און אומעטום, וואו זיי זענען נישט
דורכגעגאַנגען, זענען די בייזע ווינטן שטיל געוואָרן, און דורך די
וואָלקנס האָט אַ לויטערע זון אַרויסגעקוקט. און אַז זיי זענען צום
קוסט מיט די רויטע יאַגדעס צוגעקומען, איז שוין דאָרט דער הירש
געשטאַנען און אויף זיי געוואַרט; ער האָט מיט זיך אַ יונגע הירש־
מוטער געבראַכט, וואָס דער הייטער איז ביי איר פול מיט מילך
געווען. האָט זי די קינדער מיט איר וואַרעמער מילך אָנגעהאָדעוועט
און זיי אין די ליפּן געקושט. דערנאָך האָבן ביידע קיי און גערדאַן
פאַרנומען און אַוועקגעטראָגן, פריער צו דער פינערין, ווו זיי האָבן
זיך אין וואַרעמען שטיבעלע אָנגעוואַרעמט און וועגן ווייטערדיקן
וועג זיך דערפרעגט, און דערנאָך צו דער לאַפּלענדערין, וואָס האָט
זיי נייע קליידער אויפגענייט און זייערע שליטעלעך פאַרריכט.

האָבן זיי די הירשן ביז דער סאַמע לאַנד־גרענעץ באַגלייט, וואו
דאָס ערשטע גרינס האָט זיך שוין באַוויזן, און די קינדער האָבן זיך
מיט די הירשן און דער לאַפּלענדערין געזעגנט. „זייט געזונט!" האָ־
בן זיך אַלע און איינס דאָס אַנדערע געזאָגט. האָבן זיך דאָרט צום
ערשטן די פויגעלעך צעצוויטשערט, דער וואַלד איז שוין אינגאַנצן
אין גרינע קנאָספּן אָנגעטאָן געווען, איז פון איִם אויף אַן אויפגע־
צייכנט פערדל, וואָס גערדאַ האָט דאָס באַלד דערקענט (ס'איז אַמאָל
אין דער גאָלדענער קאַרעטע איינגעשפּאַנט געווען), אַ יונג מיידל
אַרויסגעפאָרן מיט אַ העל־רויט היטעלע אויפן קאָפּ און מיט פּיס־
טוילן ביים זאָטל אָנגעהאַנגען. דאָס איז דאָס רויבער־מיידעלע געו־
ווען, וואָס איר איז נמאס געוואָרן אין דערהיים צו זיצן, האָט זי זיך
געוואָלט ייף צפון אַוועקלאָזן, און אויב דאָרט וועט איר נישט

געפעלן, איז — אין אנדערע לענדער. האָט זי באַלד געדאַנקט דער־קענט, און גערדאַ — זי. איז שוין איינמאָל אַ פרייד געווען.

— פיינער לאַפּאַציאָן! — האָט זי געזאָגט צו קיי. — כ'וואָלט גאָר געוואָלט וויסן, צי ביסטו ווערט מ'זאָל דיר אויף עק וועלט גאָכלויפן.

נאָר גערדאַ האָט זי פּאָר אַ בעקל אַנגענומען און אויפן פּרינץ מיט דער פּרינצעסין זיך צעפּרעגט.

— זיי זענען אין די ווייטע לענדער אַוועקגעפאָרן; — האָט גע־ענטפערט דאָס רויבער־מיידעלע.

— און דער ראָב? — האָט גערדאַ געפרעגט.

דער ראָב איז געשטאָרבן! — האָט זי געענטפערט. — די צום־שטובצוגעוואוינטע, זיין געליבטע, איז אַן אלמנה געבליבן, און טראָגט אַ שוואַרץ זיידן פּעדימל אויפן פיסעלע — אַ סימן אויף אבלות; זי האַלט זיך אין איין קלאָגן — נאָר ס'איז אַלץ פּוסטע זאַכן. דו דערצייל מיר בעסער, וואָס איז מיט דיר פאָרגעקומען און ווי אַזוי האָסטו אים געפונען?

האָבן גערדאַ מיט קיי איר אַלץ דערציילט.

שניפּ! שנאַפּ! שנורע־פּורע באַסעלורע! — האָט געזאָגט דאָס רויבער־מיידעלע, זיי ביידע פאַר די הענט אַנגענומען, און זיי צוגע־זאָגט, אַז אויב ס'וועט איר נאָר אויסקומען ביי זיי אין שטאָט צו זיין, וועט זי אוּמבאַדינגט צו זיי מיט אַ וויזיט קומען. און זי איז זיך איר וועג אַוועקגעפאָרן.

און קיי און גערדאַ זענען האַנט־און־האַנט ווייטער געגאַנגען. און ווי זיי זענען דאָ געגאַנגען, אַזוי איז דער וואונדערלעכער פרילינג מיט בלומען און מיט גרינס אַנגעקומען, די קלויסטער־גלעקער האָבן געקלונגען, און זיי האָבן דאָס הויכע קלויסטער־טורעמל פון זייער געבורטס־שטאָט דערקענט. זענען זיי אין שטאָט אַריינגעגאַנגען, צו דער באָבעס שטוב צוגעקומען, אויף די טרעפּ זיך אויפגעהויבן און אין שטוב אַריין. וואו אַלץ איז ווי פריער און דאָס זעלבע געבליבן. דער זייגער האָט נאָך ווי אַמאָל געטיקעט: „טיק טאַק! טיק־טאַק!"

און די ווייזערס האָבן זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט. נאָר אַז זיי זענען אין דער טיר אַריינגעגאַנגען, האָבן זיי באַמערקט, אַז זיי זענען שוין דערוואַקסענע געוואָרן. די רויזן פֿונעם דאַך האָבן ווייטער אין פֿענס־טער אַריינגעקוקט. און אַט זענען די קליינע קינדערשע בענקעלעך זייערע. האָבן זיך קיי און גערדאַ יעדערער אויף זיין בענקעלע אַוועקגעזעצט און זיך פֿאַר די הענט גענומען. די קאַלטע טויטע פּראַכטשיינקייט, וואָס איז אין פּאַלאַץ פֿון דער שניי־מלכה געווען, האָבן זיי, ווי אַ שווערן חלום פֿאַרגעסן. די באָבע איז אויף דער זון געזעסן און אויפֿן קול די ביבל געלייענט.

און קיי און גערדאַ האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן אַ קוק געטאָן און ערשט דערמאָלט דאָס אַלטע לידעלע זייערס פֿאַר־שטאַנען:

די רויזן זיי בליען, ווי שיין, אַך, ווי שיין!
ביי אונדז איז דער זומער, דער ליבער, אַליין!

אַזוי זענען זיי ביידע שוין דערוואַקסענע, אָבער נאָך מיט קינ־דער־הערצער געזעסן, און אין דרויסן איז זומער געווען, דער וואַ־רעמער און געבענטשטער, ליבער זומער דאַרטן.



# Cuentos
# de
# HANS ANDERSEN

# LA REINA
# de la
# NIEVE



Edición del Fondo Literario

SCH. KAPLAN

México, D. F. 1955

H. Andersen.

# La Reina de la Nieve

